# רוסישע ליריק

איבערזעצט פון ב. לאַפּין

פאָרוואָרט פון דר. ח. זשיטלאָווסקי



פארלאג „ניי־צייט“, ניו יארק

1919

# אינהאַלטס-פערצייכניס.

## מ. י. לערמאָנטאָוו :



## א. פעט



## א. ס. ניקיטין :



## א. נ. פלעשטשעיעוו :

# פאָרוואָרט

## אַ פּאָר ווערטער וועגן פּאָעזיע און איהר באַדייט

.1

ווי אַ פאָרוואָרט צו לאַפּין'ס אויסגעצייכענטע איבערזעצונגען פון דער רוסישער ליריק, וואָלט זיך מיר געוואָלט מיטטיילען דעם לעזער איינינע פון יענע געדאַנקען, וואָס האָבען מיך באַשעפטיגט בשעת'ן לייענען די איבערזעצונגען אין די קאָרעקטור־בויגענס.

דאָס זיינען — געדאַנקען וועגען פּאָעזיע און איהר באַדייט פאַר דעם מענשליכען לעבען און דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט.

וואָס אזוינס פּאָעזיע איז, ווייס קיינער ניט. דאָס הייסט: אַ ל ע ווייסען דאָס, ווייל עס איז ניטאָ אַזאַ מענש אין אונזער וועלט, וואָס זאָל ניט האָבען איבערגעלעבט אַ וועלכען עס איז פּאָעטישען צו־שטאַנד, און עס איז ניטאָ אַזאַ לעזער אויף דער וועלט, וואָס זאָל ניט האָבען געשטאַנען אונטער דער צויבער־ווירקונג פון אַ וועלכען עס איז פּאָעטישען ווערק.

„מען ווייס ניט וואָס אזוינס פּאָעזיע איז" — איז דער טייטש: מען קאָן אין ווערטער ניט אויסדריקען דעם תוך פון אַ „פּאָעטישער" ערשיינונג, אין איהר אונטערשייד פון אַ „פּראָזאאישער", ווי מען קאָן אין ווערטער ניט באַשרייבען די נפקא מינה פון אַ רויטער פאַרב ביז אַ גרינער פאַרב.

ווייל „פּאָעזיע", „פּאָעטישער צושטאַנד", „פּאָעטישע שטימונג" איז אַן אייגענאַרטיגער גייסט־צושטאַנד, וואָס שיידט זיך אָב מעהר

אַרער ווענינער שאַרף פון דעם געוועהנליכען, געזונטען, קלאָרען וואַך־זיין.

פון דעם לעבען און פון דער וויסענשאַפט זיינען מיר באַקאַנט מיט איינינע אַנדערע גייסט־צושטאַנדען, וואָס שיידען זיך אויך אָב מעהר אָדער ווענינער שאַרף פון דעם געוועהנליכען, געזונטען, קלאָרען וואַך־זיין. דאָס איז דער צושטאַנד פון חלום׳ען אין שלאָף; פון „פאַר׳חושט" און פאַר׳חלום׳ט זיין אויפ׳ן וואַהר; פון דעם היפּנאָטישען שלאָף און דרעמעל, מיט וועלכען די וויסענשאַפט איז ערשט ניט לאַנג באַקאַנט געוואָרען; פון „סאָמנאַמבוליזם", „קלאַר־זעהען" און „ספּירימיסטישען טראַנס", מיט וועלכע די וויסענשאַפט הויבט ערשט איצטער אָן נעהענטער באַקאַנט צו ווערען; אויך דער צושטאַנד פון משוגעת אין אַלע זיינע שטופען און מינים.

אַלע אַזעלכע אַלגעמיינע צושטאַנדען פון דעם מענשליכען גייסט רופט איך אָן, אויף מליצה־לשון: „קאָלירטע פּסיכישע שטראַהלען", ווייל זיי שטעלען אַוועק אין אַ געוויסער „פאַרביגער באַלייכטונג" אַלץ, וואָס קומט דעמאָלט פאָר אין דער מענשליכער נשמה: אַלע איהרע געפיהלען, געדאַנקען, ווילענישען, ווי אויךאיהרע פריידיגע און טרויעריגע שטימונגען.

דער „פּאָעטישער צושטאַנד" איז אפשר אַ געמיש פון אַ סך אַזעלכע אייגענאַרטיגע „קאָלירטע פּסיכישע שטראַהלען": אַ חלום׳ען אויפ׳ן וואַהר, אַ ביסעל טירוף, אַ סך זעלבסט־היפּנאָז, אַ ביסעל „קלאַר־זעהונג" און אפשר אויך „טראַנס". אָבער ווען אפילו אַ צענויפגעשטעלטער טרעט ער דאָך אַרויס, ווי אַן איינהייטליכער גאַנצער, און גיט אונז דעריבער אַ רעכט צו באַהאַנדלען איהם, ווי אַ ב אַ ז ו נ ד ע ר ארט „קאָלירטע פּסיכישע שטראַהלען". דערפון נעהמט זיך די שווערקייט, אָדער גאָר די אונמעגליכקייט צו באַשרייבען זיין „פאַרב".

דיכטער זיינען מעהר, איידער אַנדערע מענשען, עלול אַריינצופאַלען אין אַזאַ פּ אָ ע ט י ש „באַפאַרבטען" גייסטיגען צושטאַנד. זיי קאָנען אויך כמעט אינסטיקטיוו אויסקלייבען די פּאַסענדע ווער־

טער און צענויפשטעלען זיי אזוי, אז די ווערטער זאָלען קאָנען אָנ־זאָפּען אין זיך דעם פּאעטישען צושטאנד, ווי א באשטימטען פאָר־פום, און דערנאָך ארויסגעבען פון זיך דעמזעלבען דופט פון פּאעזיע, וועלכען דער דיכטער האט דורכגעלעבט; מאכען, אז אויך דער לע־זער, אדער דער הערער זאָלען אריינטרעטען אין דעמזעלביגען פּאָ־עטישען „היפּנאָז".

אויב אבער מען קאן ניט וויסען אויף קלאָר דעם אינוועניגסטען תוך פון א פּאעטישען צושטאנד, קאן מען אבער זעהר א סך אויס־פאָרשען און וויסען וועגען דעם ענין פון פּאעזיע, — צ. ב. וועגען איהר אורשפּרונג און באדייט פאר דעם מענשליכען לעבען.

דער פּאעטישער צושטאנד איז א נייער צושטאנד אין דער וועלט, א ריין מענשליכער, געבוירען אויף א געוויסען עטאפּ אין דער קולטורעלער אנטוויקלונג. זיינע קערענדלעך זיינען אפשר נאָך עלטער, איידער אין דער רעליגיע. אבער צו אן אייגענאַרטיגער פלאַנץ איז די פּאעזיע אויסגעוואַקסען ערשט אין דעם רעליגיעזען לעבען: אין זיינע צערעמאָניעס, פּראָצעסיעס און גלויבונגען.

שוין אין די עלטערע פאָרמען פון דער רעליגיע האבען מיר א רייכען שפּיעל פון דער פאַנטאַזיע אין דער באשאַפונג פון אן איבערנאַטירליכער גייסטער־וועלט פון געטער, מלאכים, דע־מאָנען. מיר האבען דאָרטען נייע, אומגעוועהנליכע געפיהלען פון שוידער, צענויפגעגאסען מיט האפענונג, פון בענקשאַפט, צענויפגעגאסען מיט גלויבען, פון הכנעה, צענויפגע־גאסען מיט ליעבע. מיר האבען דאָרטען עקסטאַזען, וואס פאַרצויבערן די נשמה אין א היפּנאָטישען צושטאנד. די נאַטור אין די אַלטע רעליגיעס איז א באלעבטע: בארג און טהאָל, וואלד און טייך, שטיין און קוואל האבען זייערע נשמות, וואס קאָנען אריינטרעטען אין א פערבינדונג מיט מענשען. עס זענען אין דער רעליגיע אויך פאראן די געוועהנליכע היפּנאָטישע ווירקונגען פון ריטמישע קלאַנגען און באוועגונגען אין דעם געזאנג, דער מוזיק, דעם רעליגיעזען טאנץ.

דאָס אַלץ זיינען עלעמענטען, וואָס געפינען זיך אין אַ ביסעל אַן אַנדער פאָרם, אין יענעם גייסט־צושטאַנד, וועלכען מיר רופען אַ פּאָעטישען. פון דעסטוועגען איז פּאָעזיע פאָרט ניט רעליגיע און רעליגיע איז ניט נאָר פּאָעזיע.

ווען אַ רעליגיעז־גלויביגער מענש איז געשטאַנען פאַר אַ הייר־ליגען קוואַל אין דער שטילער נאַכט און האָט בחוש געזעהען, ווי דער קוואַל „שלאָפט", איז דער שלאָפען פון דעם קוואַל געווען פאַר איהם אַן אוממיטעלבאַרער פיזישער פאַקט, ווי דאָס שלאָפען פון דעם פערד און דעם הונט. דער קוואַל איז פאַר איהם געווען אַ באַלעבטער, וועמענס נשמה עס נויטיגט זיך אין רוה און שלאָף.

ווען אָבער דער דיכטער זעהט, ווי „ס'שלאָפט די ערד אין בלויען ליכט", אָדער ווען ער גיט זיך איבער דער ווירקונג פון דעם „זילבער־ליכט און ווייכען וויעגען פון פאַרשלאָפענעם קוואַל", ווייס ער, אַז דער „שלאָפען" פון דער ערד און דעם קוואַל איז ניט קיין אוממיטעלבאַרער פיזישער פאַקט. אמת, עס איז אויך פאַר איהם אַ פאַקט, ער זעהט דאָס אַזוי, ווייל ער געפינט זיך אין אַ פּאָעטישען צושטאַנד, וואָס צוויבערט חלומות אויפ'ן וועהר אָבער ער ווייס, אַז דער „שלאָפען" פון דעם קוואַל געהערט ניט צו דעם קוואַל, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי אַ בילד, וואָס איז רעפלעקטירט געוואָרען אין דעם דיכטערס פאַנטאַזיע. דער אמת'ער קוואַל האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין דעם דיכטער'ס כוח־הדמיון; דאָרטען איז ער פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ בילד פון אַ שלאָפענדען קוואַל, און דעם אמת'ען קוואַל זעהט ער דורך זיין פאַנטאַסטישען בילד, דורך זיין איליוזיע.

דער אייגענטימליכער פּאָעטישער צושטאַנד באַשטעהט אין דעם, וואָס די ווירקליכקייט און די איליוזיע גיסען זיך דאָ ניט צענויף אין איינעם אין גאַנצען, וואָס די איליוזיע איז ווי אַ דורכזיכטיגער דינער שלייער, דורך וועלכען דער דיכטער קוקט אויף דער ווירקליכקייט; און ער ווייס דאָס האַלב אומ־

באוואוסטער־הייד, און בעת די פּאַטעטישע איליוזיע שטעהט פאַר איהם אין דעם פאָדער־גרונט, ציטערט ערגעץ־וואו אין דעם הינטער־גרונט דער באוואוסטזיין פון דעם נאַקעטען, ניכטערען נים־פּאַטעטישען „אמת“.

באזונדערס שארף און בולט טרעט ארויס אַט דער פּ אַ ע ט י־ ש ע ר ש פּ י ע ל פון איליוזיע און ווירקליכקייט, ווען מיר זיצען אין טעאטער און זעהען צו און פּייניגען זיך מיט די יסורים פון דעם העלד. מיר ז ע ה ע ן זיי, די יסורים און מיר פיהלען זייער פּיין, און מיר זיינען „אין גאנצען“ אונטער דער מאכט פון דער איליוזיע. אין גאנצען? אָ, ניין! וואָלט דאָס געווען „אין גאנצען“, וואָלטען מיר זיך אַ ווארף געטהאָן אויף דער ביהנע און אויסגע־לייזט דעם העלד פון זיינע פּייניגער. מיר טהוען דאָס ניט, ווייל מיר זיינען פּ א ר ה י פּ נ אָ ט י ז י ר ט דורך דער פּ אַ ע ט י־ ש ע ר איליוזיע, ד. ה., דורך אַזאַ איליוזיע, וואָס ווייס ערגעץ־וואו אין הינטער־גרונט, אַז זי איז אַ ן א י ל י ו ז י ע, אַז זי פּ אַ ר אַ נ ד ע ר ש ט אין דער פאנטאזיע די ווירקליכקייט; אַז אין דער ווירקליכקייט איז דער „ליידענדער העלד“ גאָר אונזער פריינד, דער אקטיאָר, אַ גוטמוטיגע, תמיד לוסטיגע און גליקליכע בריאה; אַז די איינגעפאלענע באקען און די טיעפע רינגען ארום די אויגען פון דעם העלד זיינען אייגענטליך ניט קיין אנדער זאך, ווי בליי־פארב, אַנגעשמירט אויף דעם פּנים פון אונזער פריינד, דעם אקטיאָר.

אין דער רעליגיע איז אבער ניטאָ קיין נפקא מינה צווישען ווירקליכקייט און איליוזיע; דאָרטען גיעסען זיי זיך צענויף א י ן ג אַ נ צ ע ן אין איינעם. די איליוזיע ווערט אַן אַ ו מ מ י־ ט ע ל ב אַ ר ע איבערלעבונג, אַ ריינע „ווירקליכקייט“.

דער פּאַטעטישער צושטאנד איז דעריבער אַ צושטאנד פון אַ האלב־באוואוסטער א י ל י ו ז י ע. דאָס איז ניט דער אוממיטעל־בארער לעבען, נאָר אַ ר ע פ ל ע ק ט י ר ט ע ר לעבען, אַן אב־

געשפּיגעלטער אין אַ מענשליכען דיכטערישען געמיטה, אַ לעבען מיט אַ צ ו ט ר א כ ט, מיט אַ ן א ו י ס ט ר א כ ט.

אין אַט דעם פאַקט ליעגט די אורזאַך, פאַר וואָס ערנסטע רע־ליגיעזע נאַטורען, ווי די צ. ב. פון דער אַלטער אידישער וועלט, האָ־בען צו דער וועלטליכער, פרייער ניט רעליגיעזער פּאָעזיע אַזאַ אומ־פריינדליכע שטעלונג. וואָס פאַר אַ ווערטה קאָן ביי זיי האָבען אַ מענשליכע צוטראַכטעכץ און אויסטראַכטעכץ? זיי וועלען זיך בע־סער האַלטען פאַר י ע נ ע ר פּאָעזיע וואָס געפינט זיך אין דער רעליגיע, וואו די איליוזיע ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַן א ו מ־מ י ט ע ל ב א ר ע ן פ א ק ט און שטעלט זיך אַוועק אין גאַנצען אויף דעם פּלאַץ פון דער ווירקליכקייט. זיי ווילען דאָס דערפאַר, ווייל פאַר זיי איז די רעליגיעזע איליוזיע ניט קיין אויסטראַכטעכץ און צוטראַכטעכץ, נאָר דער אמת'ער אַנהאַלט פון דעם וועלטליכען געשעהען.

מחמת דעמזעלביגען טעם, וואָס די פּאָעזיע האָט אין זיך דעם עלעמענט פון שפּיעלען מיט איליוזיעס, האָט דער גרויסער עולם אַ קנאַפּען באַגריף פון איהר ווערטה און באַדייט פאַר דעם מענש־ליכען לעבען און דער מענשליכער אַנטוויקלונג. ס'איז סוף־כל־סוף — מיינען זיי — ניט מעהר, ווי אַ שפּיעל, ווי אַ צייטפאַרטרייב; אַ גאַנץ שעהנער צייט־פאַרטרייב, אָבער — צו דעם ערנסט פון דעם לע־בען קומט ער ניט.

עס איז מיר ליידער אונמעגליך ארויסצוברענגען דאָ דעם ג א נ צ ע ן ווערטה און דעם ג א נ צ ע ן באַדייט פון דער פּאָעזיע, אָבער צו איין איינציגען פּונקט מוז איך דאָ צוציהען די אויפמערק־זאַמקייט פון דעם לעזער.

---

2.

ווען די ווירקליכקייט טונקט זיך אָב אין דעם טיעפען פּאָעטישען געמיטה, קומט זי ווידער ארויס אַ ב א ר י י כ ע ר ט ע, אַ

פאַרשעהנערטע: דער קוואַל „שלאָפט", די וויסט „הערט גאָט'ס אַנטפּלעקען", „ס'רעדט א שטערן מיט א שטערן" א. ד. גל. זי באַקומט אויך נייע איינגענשאַפטען: דאָס וויגען זיך פון דעם קוואַל אין לאַפּין'ס איבערזעצונג פון פעט'ס א ליעד — איז „וואַך" און אז. וו.

אבער ניט נאָר נייע בילדער און איינגענשאַפטען באַקומט זי. אין דער טיעף פון דעם פּאָעטישען געמיטה רופט זי ארויס געוויסע געפיהלען, שטימונגען און אָפטמאָל אויך קלאָהרע געדאַנקען. די געפיהלען, שטימונגען און געדאַנקען זיינען די אָבקלאַנגען פון דעם דיכטער'ס נשמה אויף דער שטיק ווירקליכקייט וואָס איז אריינגע־זונגען געוואָרען אין זיין געמיטה. זיי, אָט די אינווענינסטע אָב־קלאַנגען, דיקטירען זיין פאַנטאַזיע יענע בילדער און איינגענשאַפטען, יענע פאַרשטעלונגען און באַגריפען, אפילו יענעם ריטם און זינג־טאַקט, וועלכע ער ווענדט אַן, כדי די ווירקליכקייט ווידער ארויס־צוברענגען אויף דער ליכטיגער שיין.

טראַכט זיך אריין אין די פּאָר פערזען פון פּאָלאַנסקי'ס „נאַכט":

„נאַכט, פאַר וואָס איז מיר טייער דיין זילבערנער שיין?
„מאַכט ער זיס דיר אין אויג דיין באַהאַלטענער טרער?
„רוימט ער בשורות אין גרינגען הארצען דיר איין?
„צו באַשיידט ער די רעטעניש, וואָס מאַטערט
דיך שווער

אין אָט דעם ליעד האָבען מיר פאַר אונז א לבנה־נאַכט, וואָס האָט זיך אָבגעטונקט אין א דיכטער'ס געמיטה און איז ארויס־געשוואומען צוריק ניט נאָר א באַרייכערטע, א פאַרשעהנערטע מיט נייע בילדער און איינגענשאַפטען (זי „מאַכט פון דעם בלומען־טוי גאָלדענעם שוים" „און זי שטראָמט אויפ'ן ים מיט דורכזיכטיגע טריט"), נאָר זי איז אויך ארומגעוועבט מיט גע־פיהלען, שטימונגען און געדאַנקען. די אַלע אָבקלאַנגען פון דעם דיכטער'ס נשמה אויף דער לבנה־נאַכט זיי־נען דעם דיכטער'ס, אבער אין זיין פּאָעטישער איליוזיע זיינען זיי־

דער נאכט'ס געפיהלען, דער נאכט'ס שטימונגען, דער נאכט'ס געדאנקען און זיי אלע זיינען „טייער"דעם דיכטער.

דורכדעם גופא באקומט די לבנה־נאכט אן אבשאצונג אין דעם דיכטער'ס געפיהל און שטימונג.

און אזוי איז דאס אויך מיט אלע אנדערע עלעמענטען פון דער ווירקליכקייט, וועלכע דער דיכטער לאזט אראב אין דעם אבגרונט פון זיין נשמה. ער ברענגט זיי ווידער ארויף אין זיין פאעטישען ווערק באררייכערטע, פארשעהנערטע און ארומגעוועבטע מיט זיינע געפיהלען און שטימונגען. און דורכדעם גופא אויך אבגעשאצטע אין זיין געפיהל און אין זיין שטימונג.

וואס איז די ווירקונג פון אזא פאעטישען ווערק? אויב עס שטאמט פון א גרויסען, אריגינעלען דיכטער, וועט ער קודם כל (א) אויפוועקען אין אונז דיזעלביגע געפיהלען, וואס דער דיכטער האט איבערגעלעבט, ער וועט דערנאך (ב) פארבינדען יענע געפיהלען מיט דער פון איהם „באזונגענער" ערשיינונג און וועט לסוף (ג) אריינפליעסען אין דערזעלביגער אבשאצונג פון דער ווירקליכקייט אין געפיהל, וואס האט געלעבט אין דעם דיכטער'ס נשמה.

אין אט די דריי מאמענטען ליעגט א טייל פון דער אונגעהויערער קראפט און דעם אונגעהויירען באדייט וואס די פאעזיע האט אין דער מענשליכער קולטור, אין דער אנטוויקלונג פון דער גאנצער מענשליכער געזעלשאפט.

אויפוועקען אין א מענשענס ברוסט דיזעלביגע געפיהלען און שטימונגען, וואס דער פאעט לעבט איבער, הייסט באריי־כערן די מענשליכע נשמה מיט א נייעם אינהאלט, וואס וואלט איהר אפשר אהן דעם דיכטער'ס הילף געבליעבען פרעמד. און האט מען אין אויג, אז דער נייער אינהאלט איז קודם כל געפיהל און שטימונג, ווערט יעמאלט אינגאנצען קלאר די פולע וויכטיגקייט פון דער נייער באררייכערונג, ווייל — ווי אן אלטער

פסיכאלאג האט שוין דאס א מאל באמערקט — געפיהלען און שטי־מונגען זיינען ד י ש פ י י ז פ ו ן ד ע ר נ ש מ ה. מיט זיי דערנעהרט זי זיך, זי לעבט מיט זיי. א נשמה, וואס איז ארעם אין געפיהלען און שטימונגען, איז אן ארעמע נשמה, א דעריגע נשמה, וואס ווערט פארשמאכט אין הונגער און דארשט.

דעם פאעט'ס נשמה איז אבער די רייכסטע אין דעם פרט. אויף דערויף איז ער א פאעט. ער האט אוצרות און אוצרות פון גע־פיהלען און שטימונגען. און דארטען, וואו זיין אייגענער לעבען רופט זיי ניט ארויס, באשאפט זיין פאנטאזיע אן אנדער לעבען, א סך אנדערע לעבענס, מיט א סך אנדערע מענשען, וואס לעבען דורך אלערליי ארטען געפיהלען און שטימונגען.

די רייכקייט און די טיעפקייט פון דעם פאעט'ס געפיהלס־לע־בען איז אזוי גרויס, אז א סך פארשער וואונדערען זיך ממש, ווי אזוי איז דאס פ ס י כ א ל א ג י ש מעגליך, א שעקספיר, א געטהע, א שילער, א היינע, זאלען קאנען אין זייער געמיטה טראגען אזוי פיעל מ ע נ ש ל י כ ע ו ו ע ל ט ע ן, אזוי פיעל כאראק־טער מיט אזוי פיעל פארשיידענע נשמות און געפיהלען אין זיי.

(די ריכטיגע דערקלעהרונג פון אט דער ערשיינונג האט, נאך מיין מיינונג נאך, געפונען דער אידישער דענקער, געארג זימעל, אבער ס'איז ניט דא דער ארט צו רעדען וועגען איהר).

על־כל־פנים איז א פאקט, אז דער אמת'ער פאעט איז דער גאון אין געפיהלס־לעבען, ווי דער אמת'ער דענקער איז דער גאון אין דער געדאנקען־וועלט און ווי דער העלד פון דער ווילענס־טהאט, דער פאלקס־פיהרער, דער רעוואלוציאנערער, דער אמת'ער שטאאטס מאן, דער לאסאל, דער גאריבאלדי, דער נאפאלעאן, — איז א קוואל פון ברויזענדער ענערגיע און פון פראקטישע ווילענס־שטרעמונגען. און ס'איז אויך א פאקט, אז די געפיהלען און שטימונגען, וואס ווע־רען געבארען אין א פאעטישען צושטאנד, פארשפרייטען זיך אין דער גאנצער געזעלשאפט, א דאנק דער ווירקונג פון דער געהערטער אדער געלייענטער פ א ע ז י ע: דורך דעם פאלקס־ליעד, דורך די

רעליגיעזע תּפילות, צערעמאָניעס און געזאַנגען, דורך דער פּאָעטי־
שער ליטעראַטור.

אַסך נייע געפיהלען, וואָס זענען דעם פּרימיטיווען מענשען געווען דורכאויס פרעמד, ווי צ. ב. די ראָמאַנטישע ליעבע צו אַ פרוי, די באַוואונדערונג פון נאַטור־שעהנקייטען, די איידעלע און צאַרטע רעליגיעזע איבערלעבונגען, זיינען געבוירען געוואָרען אין אַ פּאָעטישען צושטאַנד און האָבען זיך איינגעוואָר־צעלט אין דער געזעלשאַפט, דורך דער טהעטיגקייט פון די פּאָעטען.

די נייע געפיהלען רופט דער דיכטער אין אונז אַרויס דער עיקר מיט דער מאַכט פון די קלאָרע בילדער, וועלכע ער רופט אַרויס דורך זיין טאַלאַנט אין אונזער כח הדמיון. אויך אין דעם ליעגט אַ גרויסע באַרייכערונג פון אונזער נשמה־לעבען. די לעבענס־ערפאַהרונגען פון אַ דורכשניטליכען איינצעל־מענשען, אַ פּאַרנו־מענעם אין זיין דאגות־חיונה, זיינען זעהר מאָגערע. און אפילו ווען זיי זיינען רייך, גיט דער דורכשניטליכער מענש ווייניג אַכטונג אויף זיי: זיין ווילען, זיינע אינטערעסען און אַפּעטיטען זיינען צו אָנגעשפּאַנט, ער זאָל קאָנען אַרויסגעהן פון זיך און זיך אַריינלעגען, אַריינטראַכטען, זיך פאַר־חוש'ען (וואָס פאַר אַ טייערער אויסדרוק!) אין די איינצעלנע מאָמענטען פון זיין אייגענעם לעבען. אויך דאָ קומט אונז צו הילף דער דיכטער. מיט דעם צויבער פון זיין טאַלאַנט שטעלט ער אונז אָב אין דעם מיטען פון אונזער פאַר'שמייעטען הו־האַ און צווינגט אונז נאָך אַ מאָל איבערצולעבען מאָמענטען, פאַרביי וועלכע מיר זיינען לייכטזיניג פאַרבייגעגאַנגען, אָהן אַ ברעקעל השגה וועגען זייער אינוועניגסטען רייכטום; אָדער באַקאַנט צו ווערען מיט אַזעלכע מאָמענטען, וואָס מיר וואָלטען קיינמאָל ניט אָנגעטראָפען אין אונזער לעבען, ניט אין דעם לעבען פון אונזער „אַרום“.

אָבער דאָס וויכטיגסטע אין דעם פּרט איז די דריטע ווירקונג פון אַ פּאָעטישען ווערק: די אָבשאַצונג פון די לע־בענס־ערשיינונגען אין געפיהל, די קרי־

טיק פון דעם לעבען פון דעם שטאנדפונקט פון דעם פּאעט׳ס געפיהלען און שטימונגען. מען קאָן זאָגען, אז דאָס איז די וויכטיגסטע עובדא פון דער פּאָעזיע, אפשר פון דער גאנצער קונסט בכלל. און „קריטיק" מיינט דאָ ניט דוקא פאר׳מיאוס׳ונג און פארשווארצונג, נאָר אויך גוט־הייסונג און שעהן־הייסונג.

די אבשאצונג קומט פאר, פארשטעהט זיך, ניט דורך דעם קלארען אורטייל פון דעם פּאעט און זיין דירעקטען אנווייז, אז „דאָס איז זיס" און „דאָס איז ביטער". די אבשאצונג שטראָמט ארויס פון דעם גאנצען ווערק פון דעם פּאעט, פון זיין איינווע־ניגסטער שטעלונג צו די געמאָלטע ערשיינונגען. און אָט די אינוועניגסטע שטעלונג זיינע צו די איינצעלנע עלעמענטען פון דעם לעבען, ווי צו דעם לעבען בכלל, גיט זיך איבער צו דעם לעזער, אדער דעם הערער.

און אויך דאָס דארף מען ניט פארזעהן, אז אפילו ווען דער דיכטער מאָלט די פאנטאסטישע „ניט געשטויגענע — ניט געפלוי־גענע מעשות" פון אן אויסגעטראכטער וועלט מיט אויסגעטראכטע וועזענס, ליעגט אויף דעם אונזיכטבארען גרונט פון יענער פאנ־טאסטישער וועלט דאָס ווירקליכע מענשליכע לעבען און זי ליעגט אן אבגעשאצטע אין דעם דיכטער׳ס גע־מיטה.

אפטמאָל קומט די אבשאצונג פאר ניט נאָר דורכדעם, וואָס דער דיכטער באזינגט, נאָר אויך וואָס ער פארשוויגט, דורכ־דעם וואָס ער קעהרט זיך אום צו א געוויסען לעבען מיט זיין רוקען. דערהויפּט איז דאָס אמת, ווען מען באטראכט די פּאָעזיע פון א גאנצען דור אדער א פּעריאָד. אזוי געפינען מיר זיך איצ־טער אין א פּעריאָד פון דער פּאָעזיע (אין דער קונסט בכלל), ווען זיי — די פּאָעזי און די קונסט בכלל — האבען זיך אומ־געקעהרט מיט׳ן רוקען צו דעם הערשענדען געזעלשאפטליכען לעבען און די מינים

מענשען, וואס אזא געזעלשאפטליכער לעבען ברענגט ארויס. אט אין דעם פארמיאוס'ען די ווירקליכקייט אזוי, אז עס ווילט זיך גאר ניט נעהמען קיין אנטייל אין איהר מיט דעם פאעטישען געפיהל, ליעגט איהר שארפסטע פאראורטיילונג. דאס איז איינער פון די באדייטענדסטע שטריכען, וואס כאראקטעריזירען אונזער רעוואלוציאנערע צייט.

דער פאעט שאצט אב דאס לעבען אין געפיהל. ער טהוט דאס באוואוסט אדער אומבאוואוסט. באלד זיינען דאס טיילען פון דעם דרויסענדיגען לעבען, — זיין שטעלונג אין געפיהל צו קינד, ווייב, פאלק, ליעבע, נאטור, געזעלשאפט, שטאט און דארף, — באלד זיינען דאס טיילען פון זיין אינוועניגסטען לעבען און דעם אייגענעם „איך“; באלד דאס לעבען פון א באשטימטען דור און א באשטימטער צייט; באלד דאס גאנצע מענשליכע לעבען און די עקזיסטענץ פון דעם וועלט־אל.

דורך די אבשאצונגען פון דעם לעבען אין געפיהל פורעמט די פאעזי פון א דור דאס גאנצע געפיהלס־לעבען פון איהר צייט; ווי די דענקער פון דעם דור פורעמען איהרע געדאנקען און איינשויאונגען; ווי די ווילענס־העלדען פורעמען איהרע האנדלונגען.

מיר קאנען אין גאנצען לאזען אן א זייט די טיעפע געשיכטס־פילאסאפישע חקירה, צי אט די אלע פורעמונגען זיינען אמת'ע ניי־באשאפונגען, אדער ניט מעהר ווי קלארערע פארמולירונגען פון עפעס אזוינס, וואס איז אנגעוואקסען אין דער געזעלשאפט, אדער זיי זיינען פארמולירונגען און ניי־באשאפונגען אין דערזעלביגער צייט.

אפילו ווען זיי אלע זאלען זיין ניט מעהר, ווי קלארערע ארויסבריינגונגען און ארויסקריסטאליזירונגען פון יענע נעפלען אין געדאנק, געפיהל און ווילען, וואס ווערען געבוירען אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען און טראגען זיך ארום ווי וואלקענס איבער איהם,

— וואָלט אויך יעמאָלט זייער באַדייט געווען אַ קאָלאָסאַלער, ווייל נאָר אין זיי און דורך זיי ווערט אָבגעקלעהרט און אויסגעפורעמט דער געזעלשאַפטליכער געדאַנק, דער געזעלשאַפטליכער געפיהל און דער געזעלשאַפטליכער ווילען; נאָר אין זיי און דורך זיי ווערט פאַרווירקליכט דער מענשליכער פּראָגרעס.

און וואָס העכער מיר מוזען שאַצען דעם פּראָגרעס פון דער מענשליכער ג ע פ י ה ל ס־ו ו ע ל ט, אַלץ העכער מוז שטייגען אין אונזער אָבשאַצונג דער פּראָגרעסיווער באַדייט פון דער קונסט בכלל, פון דער פּאָעזיע בפרט.

---

*3*

איך ווייס, אַז דער ענין פון פּאָעזי און איהר באַדייטונג, ווי אַז אָ ב ש א צ ו נ ג פ ו ן ד ע ם ל ע ב ע ן א י ן ג ע פ י ה ל, איז דאָ ביי אונז ניט מעהר ווי באַריהרט געוואָרען פון אויבען־אויף. אָבער — מען דאַרף זיך רעכענען מיט די גרעניצען פון אַ פּאָר־וואָרט. און דערצו איז דער אייגענטליכער צוועק פון דעם פּאָר־וואָרט, — ווי אַזוי צו לייענען דאָס ווערק גופא, אויך וואָס מעהר פּאָר אַלץ אַכטונג צו געבען אין איהם, פאַרשטעהן זיין ווערטה און באַדייט ווי אַ פּאָעטיש ווערק אין דעם אוצר פון אונזער ליטעראַ־טור, — דער צוועק, רעכען איך, קאָן דערגרייכט ווערען מיט די פּאָר געדאַנקען, וואָס מיר האָבען אַרויסגעזאָגט.

עס בלייבט אונז נאָר צו זאָגען נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם ווערטה פון דער איבערזעצונג גופא: טאַקי ניט מעהר ווי אַ פּאָר ווערטער, ווייל דער נאָמען פון אונזער יונגען דיכטער ב. לאַפּין איז צו באַקאַנט אין אונזער ליטעראַרישער וועלט, ער זאָל זיך דאַרפען נויטיגען זיך אין וועמעס עס איז הסכמות.

אויך האָבען זיך אַ פולע פון זיינע איבערזעצונגען פריהער געדרוקט אין אונזערע בעסטע זשורנאַלען און צייטונגען און זיי־נען געווען באַמערקט געוואָרען פון דער לעזער־וועלט.

דא וועל איך נאר ארויסטרעטען, ווי אז עדות, וואס ווייס, ו ו י שווער עס איז איבערצוגיעסען א געדיכט פון איין שפראך אין אן אנדערער און דערביי זאל זיך ניט פארליערען איהר ריח און טעם.

איך בין באקאנט מיט די ד י י ט ש ע איבערזעצונגען פון דער רוסישער ליריק, דער עיקר מיט פ י ע ד ל ע ר ס. און פיעד־לער ווערט געריהמט פאר זיינע איבערזעצונגען ניט נאר פון דער דייטשער קריטיק, וואס האט אפשר קיין השגה ניט פון דעם רוסישען טעקסט, נאר אויך פון דער בעסערער רוסישער קריטיק.

פארגלייכט מען אבער א לאפינ'שע איבערזעצונג מיט א פיעד־לער'שער, באמערקט מען אויפ'ן שטעל, אז די ערשטע איז א סך נעהענטער צו דעם אריגינאל, סיי אין ווארט און בילד, סיי אין ריטם, סיי אין דעם פאעטישען איינדרוק, וועלכע די איבערזעצונג לאזט איבער, איידער די לעצטערע.

געווים קאן אונז לאפין ניט איבערגעבען דעם צויבער פון די רוסישע ש פ ר א ך ־ ק ל א נ ג ע ן, — א זאך, וואס ק י י ן איבערזעצער קאן דאס ניט טהאן; אבער דערפאר האבען מיר דא פאר אונז ל א פ י ן'ס אייגענארטיגען, קרעפטיגען אידיש; זיינע פון איהם געפארעמטע אויסדרוקען, וואס בארייכערן אונזער שפראך.

דר. ח. זשיטלאווסקי

יולי, 1919.

# אַ פּאָר ווערטער פון דעם איבערזעצער.

דאָס בוך „רוסישע ליריק“, וואָס מיר לעגען פאַר פאַר׳ן לעזער, דאַרף ניט גענומען ווערען אַלס אַ פאָלשטענדיגע אַנטאָלאָגיע.

אונזער ציעל איז צו געבען בלויז מוסטערן פון דער רוסישער ליריק אין דער אידישער ליטעראַטור, וועלכע, — אפילו דאָ אין אַמעריקא — איז גייסטיג ענג פאַרבונדען מיט דער רוסישער. דאָס האָט געמוזט באַשרענקען סיי אין דער צאָהל אָדער גרויס פון די ליעדער.

צוליעב דעם זעלבען טעם דאַרף ניט גענומען ווערען דער אויס־וואָהל און די צאָהל פון די ליעדער אַלס אַ געוויסע אָבשאַצונג, אָדער באַדייטונג פון אַ דיכטער.

אַ גרויסע שטערונג איז געווען, וואָס די גרעסטע טייל ארבייט איז געטהון געוואָרען אין מלחמה־צייט, און מיר האָבען ניט געקענט קריגען די נויטיגסטע ביכער, וואָס אַזאַ ארבייט פאָדערט. דאָס איז אויך די אורזאַך וואָס וויכטיגע דיכטער, אָדער ליעדער שוין פון די אריינגענומענע דיכטער, האָבען אין גאַנצען ניט געקענט אריין אין דעם בוך.

אָבער וואָס מיר האָבען זיך יאָ באַמיהט, איז צו זיין וואָס מעהר געטריי צו דער אינדיווידואַליטעט פון דעם דיכטער, און איבערגעבען די שטימונג, ריטהם און פאָרם. און אויף די מעגליכע פעהלערען אין דעם בוך, — אין דעם ניט קענען איבערגעבען דעם אמת׳ען צויבערליכען קלאַנג פון דער רוסישער שפּראַך און אַז. וו. — זאָל פאַרגעבען דאָס, וואָס מיר האָבען אונזער ארבייט געטהון מיט דער גרעסטער אַכטונג און ליעבע פאַר ביידע שפּראַכען.



**א. ס. פּושקין**

(אלעקסאנדר סערגעיעוויטש פּושקין)

1799—1837

## שדים.

וואָלקען טראָגען, וואָלקען יאָגען,
שלינגען דער לבנה איין;
ס׳פעלד מיט שניי איז אָנגעטראָגען;
ס׳גיסט דער הימעל כמארנעם שיין.

כ׳פאָהר און פאָהר אין פרייע שטרעקען,
און דאָס גלעקעל — דין־דין־דין...
כ׳נעהם נישט ווילענדיג זיך שרעקען,
טראָגענדיג זיך ווייט אהין.

גיכער פורמאן! „כ׳וואָלט געפלויגען —
שווער, מיין הארר, די פערד א שרעק;
ס׳בלענדט דער שטורם מיינע אויגען;
דורך פארטראָגען איז דער וועג;

כאָטש דער׳הרג׳ע, כ׳זעה קיין שפור נים,
אָהן אָ וועג וואָס זאָל איצט זיין?
שפיעלט מיט אונז אַ שד זיך נור נים?
כאפט אונז אין זיין נעץ אריין?

קוק, ער נעהמט זיך טראָגען, טראָגען,
קעגען מיר און שרייט און שפייט.
און ער נעהמט אין גרוב פאריאָגען
דעם צורייצטען פערד פארשייט.

ווי אַ וועג־סלופּ אַט ערשיינט ער
דאָ אהער פון וואו געבראכט;
פלוצלונג, ווי אַ פונק פארשיינט ער,—
ווערט פארפאלען אין דער נאכט".

וואָלקען טראָגען, וואָלקען יאָגען,
שלינגען דער לבנה איין;
ס'פעלד מיט שניי איז אָנגעטראָגען;
ס'גיסט די לבנה כמארנעם שיין.

שווער אזוי זיך ווייטער דרעהען;
ס'גלעקעל שטארבט אין שנייען־רוים!
— וואָס האלט אָב די פערד צו געהען?
„כ'ווייס? אַ וואָלף צי גאָר אַ בוים?"

ס'נעהמט דער שטורם שרייען, קלאָגען;
ס'כראָפּען ווילד די פערד צוהיצט.
ס'ווערט שוין ווייט דער שד פארטראָגען —
נור זיין בליק אין חשך בליצט.

און די פערד — אוועקגעפלויגען
אויף דאָס נײַ מיט אַ דין־דין...
ס'טאַנצען שדים פאר די אויגען
טראָגענדיג זיך ווייט וואוהין.

שדים ציהען, שדים גליהען
קענען כמארנעם לבנה־גלאנץ.
ווי די תשרי־בלעטער פליהען
אין אַן אַסיענדיגען טאַנץ...

וואוהין ציהט זיי? — ס'קומען נייע —
ס'יאָמערט זייער ליעד אין ווינד;
איז דאָס איצט אַ שד'ס לויה,
צי האָט חתונה אַצינד?

וואָלקען טראָגען, וואָלקען יאָגען,
שלינגען דער לבנה איין;
ס'פעלד מיט שניי איז אָנגעטראָגען;
ס'גיסט דער הימעל כמארנעם שיין.

ס'ציהען שדים לאנגע רייהען
און דער לופטען כמארנע, שווארץ;
מיט געשרייען און מיט וועהען,
וועלכע רייסען מיר דאָס הארץ...

# אַ ווינטער וועג.

דורך די כוואליענדע טומאַנען
ווייזט די לבנה איהר געזיכט.
אויף די אומעטיגע לאַנען
גיסט זי אומעטיגען ליכט.

אויפ'ן וועג דעם אָנגעשנייטען
לויפט אַ שליטען דריי-געשפּאַנט;
מיט אַ מאָנאָטאָן באַגלייטען
פון דאָס גלעקעל נאָכאַנאַנד.

און איך הער אַ הארציג ריידען
אין דעם פורמאנס לאַנגען ליעד.
אָט — פון אונבאַגרענצטע פריידען,
אָט — פון טרויריגען געמיטה.

ווייסע פעלדער... דורך פארוועהטע,
ליכט און הייזער נישט צו זעהן;
נור די מייל-סלופּען פארשנייטע
טרעפען אָן זיך ווען ניט ווען.

אומעטיג... מיין נינא טרייער
וועל איך מאָרגען זעהן פאר מיר.
כ'וועל פארגעסען זיך ביים פייער,
זאט ניט אָנקוקען מיט איהר.

ס׳האָט דער ווייזער, ווי זיין שטייגער,
הויך זיין וועג אדורכגעמאכט.
כ׳זיץ ביי דיר... שוין שפּעט דער זייגער —
ס׳וועט ניט שיידען אונז די נאכט.

נינא: ס׳הארץ פאר פיין פארגעהט מיר,
ס׳שווייגט דער פוהרמאַן, דרעמעלט איין;
ס׳גלעקעל מאָנאָטאָן באגלייט מיר,
מוטנע איז דער לבנה־שיין!

## א ווינטער-נאַכט.

שטורמס אין דער פינסטער טראָגען,
דרעהענדיג דעם שניי געשווינד;
נעהמען גלייך ווי חיות קלאָגען,
אָדער גאָר ווי ס׳וויינט אַ קינד.

פלוצלונג אויפ׳ן דאַך דעם אַלטען
ווי אַ שטרויעל גיט אַ רויש.
אַט ווי וואנדערער געשטאַלטען
קלאַפּען שפּעט ביי נאַכט אין הויז.

אין דער פינסטער, שטיל פארבאָרגען,
אונזער הייזעל קוקט אוים באַנג.
אַלטע, וואָס זיצסטו אין זאָרגען
שווייגענדיג ביים פענסטער לאַנג?

צי פון שטורם וואָס אין דרויסען
ביזט, מיין פריינד, איצט מיעד אזוי?
אָדער דרעמעלסט פון דעם רוישען
פון דיין אייגען שפּין-גערדריי?

לאָמיר אויסטרינקען פון טרויער,
ליעבער יוגענד-חבר מיין;
גיב דעם בעכער! ניט באַדויער —
זאָל דאָס הארץ היינט פרעהליך זיין!

זינג אַ ליעד מיר ווי אַ פויגעל
האָט איהר נעסטביים ים געוועהט:
זינג אַ ליעד מיר פון אַ מיידעל
וואָס גאנץ פריה נאָך וואסער

שטורמס אין דער פינסטער יאָגען,
דרעהענדיג דעם שניי געשווינד;
נעהמען גלייך ווי חיות קלאָגען
אָדער גאָר ווי ס'וויינט אַ קינד.

לאָמיר אויסטרינקען פון טרויער,
ליעבער יוגענד-חבר מיין;
גיב דעם בעכער! ניט באדויער —
זאָל דאָס הארץ היינט פרעהליך זיין!

## ניט זינג...

ניט זינג פאר מיר, דו שעהנע קינד,
די גרוזיען־טרויעריגע קלאנגען.
אָ, זיי דערמאָנען מיר אַצינד
אַן אנדער לעבען און פארלאנגען.

די ווייטע ברעגען, סטעפּ און וואַלד,
דערזעה איך הערענדיג די ליעדער.
אין לבנה־שיין אַ בלייך געשטאַלט
אַ מיידעלשע דערזעה איך וויעדער...

דער שאָטען ווערט, ווען כ׳קוק אויף דיר,
ווי מיט אַ נעבעל שטיל פארצויגען.
נור ווען דו זינגסט — שטעהט ער פאר מיר
דאן וויעדער אויף פאר מיינע אויגען.

ניט זינג פאר מיר, דו שעהנעם קינד,
די גרוזיען־טרויעריגע קלאנגען.
אָ, זיי דערמאָנען מיר אַצינד
אַן אנדער לעבען און פארלאנגען.

# דער דערטרונקענער.

ס׳האָבען פון דעם הויז די קינדער
שנעל די טהיר דאָרט אויפגעמאכט:
טאַטע, טאַטע, קום געשווינדער,
ס׳האָט דער נעץ אַ מת געבראַכט.

אַ, איהר ווילדע, ליגען, ליגען!
שרייט דער פאָטער אָן אויף זיי;
איהר ווערט באַלד ממזרים קריגען,
ס׳וועט שוין זיין אייך אָך און ווער!
ס׳קומט געריכט באַלד פראַגעס מאַכען,
כ׳קריך קיינמאָל ארויס געוויס;
נו, גיב, אַלטע, מיר די זאַכען,
כ׳וועל דאָרט צוגעהן ווי ניט איז...

וואו זשע? — „טאַטע, ביים דעם וואַסער!“ ═
אויף אנ׳אמת ביי דעם טייך,
וואו עס ליגט דער נעץ דער נאַסער
האָט ער איהם דערזעהן דאָרט גלייך.
און ער איילט צום מת געשווינדער,
וואָס דאָרט ליגט געשוואָלען, בלוי.
איז ער אַ פאַרשאָלטנער זינדער
און פון גאָט באַשטראָפט אזוי?

צי אַ סוחר אַ געוויסער
פון גנבים ווילד באַרויבט?
איז ער אַ דערטרונקנער פישער
צי אַ יונג פון ווײַן פאַרטויבט?
נור וואָס דאַרף אַ פויער קלעהרען?
איילט און קוקט אַלץ הינטער זיך...
און ער נעהמט דעם מת דעם שווערען
שלעפּען צו דעם טייך אויף גיך.

וואַרפט איהם פון דעם ברעג אַרונטער,
מיט'ן רודער גיט אַ שטופּ.
נור ער שווימט צוריק באַלד אונטער
נאָך אַ צלם און אַ גרוב.
לאַנג געזעהן האָט מען דעם טויטען
שווימענדיג לעם וואַסער־ברעג.
ס'נעהמט דער פויער איהם באַגלייטען
מיט'ן בליק, און געהט אַוועק.

„איהר, ממזרים, קומט אין איינעם,
כ'גיב אין שטוב אייך ווייסען ברויט.
נור איהר פּלוידערט ניט פאַר קיינעם,
איך וועל מאַכען אייך אַ טויט!"
ס'דרעמלען אַלע אויף די ערטער,
אויך דער פויער ערגיץ ליגט;
ס'קלאַגט דער שטורם; פּלוצלונג הערט ער,
עמיץ קלאַפּט אין שויב פאַרשטיקט.

„ווער ז'דאָס ?" — עפּען ! — הערט ער שרייען,
סאַראַ אונגליק קומט דאָרט פאָר ?
נאָך וואָס שלעפּסט אַרום זיך, קין ?
וואָס טראָגט אום דיך דער שווארץ יאָהר ?
וואָס זאָל איך מיט דיר איצט מאַכען ?
ענג און פינסטער איז אין הויז".
נעהמט די פענסטער פויל אויפמאכען,
און ער קוקט צום גאַס ארויס.

ס'שוועבט אַ לבנה־שיין אַ בלאַסער...
ער דערזעהט דעם טויטען באַלד ;
פון זיין קערפּער גיסט זיך וואסער,
און געשוואָלען זיין געשטאַלט.
אָפ'נע אויגען, שטעהט אַ מיעדער,
און די הענד אראָבגעבויגט.
ס'האָבען זיך אין זיינע גליעדער
שווארצע ראקעס איינגעזויגט.

ס'קלאַפּט דאָס פענסטער צו דער פויער,
האָט דעם הוילען גאסט דערקענט...
און ער האָט מיט שרעק און טרויער
אויסגעשעפּטשעט : „ווער פאַרברענט !"...
ס'האָבען גאַר די נאַכט געדאנקען
איהם געפייניגט נאָכאַנאַנד.
ס'איז ביים הויז ווער אומגעגאנגען,
קלאַפּט אין פענסטער און אין וואַנד.

מען דערצעהלט אין פאָלק מיט טרויער;
יעדען יאָהר פון צופאַל אָן,
ווארט דער אונגליקליכער פויער,
אז עס קומט דער גאַסט באלד אָן.
ס'הויבט אָן רעגנען אין פריה-מאָרגען,
ביינאַכט שטורמט נאָכאַנאַנד;
ס'קומט דער מת צוגעהן פארבאָרגען,
קלאַפּט אַין פענסטער און אין וואנד.

* *
*

צי כ׳בלאָנזשע אין גאס־רויש אין ענגען,
צי כ׳קום וואו פול מענשען אַרום ;
צו כ׳טו ווילד מיט יונגוואַרג פאַרברענגען,
אַלין וועב איך מיין חלום אין שטום.

איך ־עד : ס׳לויפען יאָהרען ווי ווינדען,
און וויפיעל מיר זענען נור דאָ,
פון דר׳ערד וועלען אַלע פאַרשווינדען —
פאַר עמיץ איז נאָהנט שוין די שעה.

צי כ׳קוק אויף אַ דעמב, וואָס דערנעבען, —
דו זקן פון וואלד — טראכט איך באַנג ;
וועסט מיר און מיין דור איבערלעבען,
ווי אונזערע פאָטערס — שוין לאנג.

צי טו איך אנ׳עופה׳לע גלעטען,
געזונד זיי ! — דאַן ווער אין מיר קלעהרט ;
איך דאַרף דיר מיין אָרט באַלד אָבטרעטען,
מיר — וועלקען, דיר — בליהען באַשערט.

און יעטווידען טאָג און די יאָהרען,
מיט זאָרג, מיין געדאַנק זיי באַגלייט ;
איך זוך, ווער פון זיי האָט געבאָרען
דעם טויט און פאר מיר אָנגעגרייט.

און וואו איז באַשערט מיר צו שטאַרבען,
אין קאמף, אויפ'ן ים, צי אין וועג ?
צי וועט גאָר מיין אָבגעקיהלט שאַרבען
באַהאַלטען אַ שכנה'שער ברעג ?

און כאָטש נאָכ'ן טויט קאָן ניט אַרען,
וואָס נאָכדעם פון קערפּער שוין ווערט ;
דאָס האַרץ מיינע ליעבערשט וואָלט גארען
צו ליגען אויף היימישע ערד.

און שפּיעלען זאָל הׂעל זיך דאָס לעבען
ביים טהיר — צו מיין קבר אריין ;
עס זאָל די נאַטור-פּראכט אומשוועבען
גלייכגילטיג מיט אויביגען שיין.

# אָסיען.

(אויסצוג פון יעווגעני אָנעגין).

דער רוים געשמעקט האָט שוין מיט אָסיען,
די זון האָט זעלט'נער שיין געגאָסען,
געוואָרען שוין קירצער די טעג.
פון וואַלד אַ סודות'דיגע שרעק
טהוט נאַקעט, אומעטיג וואו ברומען;
דאָס פעלד אַ נעבעל האָט פאַרצויגען,
צום אָסט איז מיט געשריי געפלויגען
אַ מחנה ווילדע גענז; געקומען
איז שוין די לאַנגווייליגע צייט.
אין פינסטער'ער קעלט גליהט דער באַגינען;
עס שווייגט אין פעלד דער ארבייט-רויש;
נאָך שפייז, דער וואָלף, אין וועג געפינען
געהט מיט זיין ווע̇לפין שטיל אַרויס.
דער פערד אין וועג דערשפירט... נעהמט טראָגען,
פון ווייט דער וואנדר'ער נעהמט זיך יאָגען
צום באַרג שנעל אָהן אַנ'אָטהעם, שווער;
די בהמות טרייבט דער פאסטוך מעהר
שוין ניט אַרוים פון שטאַל באַגינען;
און מיטאָג-צייט רופט אין אַ הייפעל
זיי ניט צונויף שוין מעהר זיין פייפעל;
אַ מיידעל זינגענדיג טוט שפינען.
אין הויז פאר איהר דער ווינטער-פריינד,
אַ קינעל, קנאַקענדיג העל שיינט!

# דער וואָלקען.

פֿאַרבליבענער וואָלקען פֿון שטורם צוזייטען,
אליין טוסטו אין בלוי־קלאָהרען הימעל זיך שפּרייטען.

אליין הילסטו דער וועלט אין אַ טרויערניש איין,
אליין מאַכסטו דונקעל דעם ליכטיגען שיין.

האָסט נור־וואָס דעם הימעל דעם גאַנצען פֿאַרצויגען,
דיך האָט מיט אַ בייזער אַ בליץ דורכגעפֿלויגען

און דו האָסט געדונערט פֿאַרבאָרגען און לייכט,
דער דורשטיגער ערד אָנגעטרונקען, באַפֿייכט..

גענוג שוין! באַהאַלט זיך! אַלץ האָט זיך געביטען
די ערד — אָבגעפֿרישט זיך, דער שטורם — געטיטען,

און גלעטענדיג צערטליך די בלעטליך פֿון בוים,
טרייבט אום דיך דער ווינד אין דעם רוהיגען רוים.

א. ס. פושקין

# אַ פויגעל.

אַ הייליגקייט אין הארץ נעהמט גליהען,
ווען כ׳היט אין פרעמד דעם מנהג אָב:
כ׳לאָז פריי פון שטייג אַ פויגעל פליהען,
דעם מאַי־יום טוב גיב איך עם אָב.

מיין הארץ נעהמט ווידער רוהיג שלאָגען,
מיט גאָט וואָס האָב איך אַ געצאַנק?
אַז כ׳האָב איין ווען כאָטש געקראָגען
דער פרייהייט געבען אַלס געשאַנק.

* *
*

גאב אומזיסטער, גאב פון צופאל,
לעבען, וואָס פארמאָג איך דיך?
אַז דו ביזט געשטראָפט פון שיקזאל
אין אַ צייט פארלאָזען מיך?

ווער האָט מיט אַ בייזען כח
מיך פון גאָרניט אויפגעבויט,
און מיט פיין פאר'סמ'ט דעם מח,
ליידענשאַפט מיין האַרץ פארטרויט?

כ'האָב קיין ציעל צו לעבען מעהרער,
ס'געהט מיין האַרץ פון שווערקייט אוים!
ס'דריקט אני'אומעט מיר אַ שווערער
פון דעם לעבענס מיעדען רויש.

# אַ פאַרשווערונג.

אָ, אויב ס'איז אמת, אַז ביינאַכט,
ווען ס'רוהט די גאַנצע וועלט ווי איינער;
און ס'שווימען לבנה-שטראַהלען זאַכט
אַרום אויף די מצבה-שטיינער.
אָ, אויב ס'איז אמת, ס'ווערען לעער
אויף דעם בית עלמן אַלע קברים —
רוף איך לעאילען אין מיין אָרים;
און כ'וואַרט: אָ, קום מיין פריינד, אַהער!

באַווייז זיך ליעבער שאָטען באַלד,
גלייך ווי אַמאָל פאַר דעם צושיידען,
בלייך ווי אַ ווינטער-נאַכט און קאַלט,
צוקרימט פון לעצטע שווערע ליידען.
קום ווי אַ ווייטער שטערן, קום.
צי ווי אַ קלאַנג אַנ'אָטהעם ווייכער,
צי ווי אַ שאָטען שרעקליך בלייכער,
מיר איז אַלץ איינס, נור קום, נור קום!

איך וויל איצט ניט אויפוואַרפען דיר
וואָס האָסט מיין פריינד מיר אָבגעריסען,
געטויט איהם און צושיידט פון מיר —
און כ'וויל קיין קבר-סודות וויסען.
ניט צוליעב דעם, וואָס זעהר שווער
אַ צווייפעל נעהמט מיך נאָגען...
ניין, כ'וויל דיר פון מיין ליעבע זאָגען,
ווי טריי כ'בין דיר: — אַהער, אַהער!



**פֿ. טיוטשעוו**

(פֿיאָדאָר איוואַנאָוויטש טיוטשעוו)

1803—1873

## SILENTIUM.

שווייג, באהאלט שטיל אין געהיים
דיין געפיהל און צארטען טרוים!
לאָז אין הארץ עס טיף און ריין
אויפגעהן און אליין פארגעהן;
ווי דער העלער שטערן־שיין:
שווייג און קוק אויף איהם זיך איין.

קען דאָס הארץ אויסריידען זיך?
וועט פארשטעהן א פרעמדער דיך?
ווי דו לעבסט, און דיין פארלאנג?
ס'לייגט דיין אויסגערעדט געדאנק.
רייסט דעם קוואל אויף — ווערט ער שווארץ, —
טרינק פון איהם און שווייג אין הארץ.

לעב אין זיך אליין פארמאכט,
אין דיין הארץ — א וועלט שטיל וואכט
און א כשוף'דיג געדאנק;
זיי מאכט טויב דער דרויסען־קלאנג,
זיי פארבלענדט פון טאָג דער שיין:
שווייג, הער דאָס געזאנג זיך איין.

## פריהלינג-שטראָמען.

נאָך ווייסט דער שניי זיך אומעטום,
די וואַסערן — מיט פריהלינג יאָגען.
זיי לויפען גלאַנצענדיג אַרום,
דעם ברעג דעם שלעפעריגען שלאָגען.

אין אלע עקען רופען זיי:
„דער פריהלינג קומט, דער פריהלינג געהט.
דאָס זענען מיר עם זיין אַרמיי —
ער האָט צו וועקען אונז צושפּרייט!“

דער פריהלינג קומט, דער פריהלינג געהט,
מיט שטילע ווארמע מאי־טעג גליהט,
און ס'טאַנצט דער קאַראהאָד מיט פרייד
געהט נאָך דעם פריהלינגס לייכטע טריט.

## (אין א. וו. פלעטנעווס אלבום).

וואס ס'זאל ניט לערנען אונז דאס לעבען,
נור ס'הארץ אין וואונדער שטענדיג גלויבט:
ס'איז דא א קראפט ניט אויסצו-וועבען,
און שעהנקייט — קיינמאל ניט גערויבט.

א, ניין, דאס ערדיש לעבען שטערט ניט
די בלומען פון דער אנדער וועלט,
פון דעם ביי-טאגיג זון-שיין ווערט ניט
דער טוי פארצעהרט, די בלום פארגעלט.

און אט דאס גלויבען קיינמאל נארט ניט
דעם וואס מיט אזא גלויבען לעבט.
אלץ וואס דא האט געבליהט פארדארט ניט,
נישט אלץ וואס דא געווען — פארשוועבט!

נור ווייניג האבען אזא גלויבען;
ווער ס'האט אין טרוקנעם לעבענס-וועג
ווי איהר, אליין זיך גרוים דערהויבען
צו ליידען ליעבענדיג אהן ברעג.

און פרעמדע וואונדען היילען קענען
מיט אייג'נער פייניגונג און שטראף,
און זיך פאר פרעמדע לאזען ברענען,
ווי איהר דערליידען ביז'ן סוף!

* *
*

אויף סניי וועט זיין אַלץ ווי אַמאָל,
אויף סניי וועט אויפבליהען דער טאָל,
די דערנער אויך!...
נור דו, מיין ארמע, ארמע בלום,
דער פריהלינג קעהרט דיר גאָר ניט אום,
קיין ווארמען הויך!

מיין אייגען האנד האָט דיר געפליקט,
מיך האָט דאָס הארץ אזוי געדריקט, —
איין גאָט נור וויים.
טאָ בלייב-זשע אויפ'ן הארץ ביי מיר,
ווי לאנג די ליעבע לעבט אין איהר —
און לעשט זיך אוים!



**א. װ. קאָלצאָװ**

(אלעקסעי װאסיליעװיטש קאָלצאָװ)

1808—1842

* *
*

ס'יאָגען ווינטען, ווינטען רוישיגע,
ס'ציהען וואָלקען, וואָלקען פינסטערע,
נים קיין מינדסטער העלער שיין אין זיי,
נים קיין מינדסטער פונק פון רויטען זון;
אין דער פינסטער און אין נעבעל־רויך,
בלויז די נאַכט די שווארצע שווארצט זיך דאָרט...
אין אַ וועטער אַזאַ ביטערן
זיין אַליין — איז קאַלט און אומעטיג...

* *
*

ס'שיינט די זון װאָן, און ס'איז הערבסט ארום;
בלומען בליהען — נימ די צייט פאר זיי!
אין דעם זומער -- אַלץ פאַרזױעקט געװען,
אָהן אַ רעגען --- פליהען װאָלקענדלעך,
און אין אבענד, װאו נור ס'האָט געטויהט —
איז באַגינען אַלץ פאַרדאַרט געװען.
און די קליינע ליעבע פױגעליך —
שטיל געזונגען װייך און טרויעריג.
אז זיי הערען האָט דאָס בלוט געקיהלט,
אויפ'ן האַרץ האָט װעה צוגאָסען זיך...
און אזוי אװעק מיין יוגענד איז
װאָס אָהן ליעבע און אָהן פריידען-שיין.

* *
*

זעץ איך זיך ביים טיש —
און איך קלעהר מיך שטיל:
ווי כ'זאָל אויף דער וועלט
לעבען, איינזאַמער?

ס'האָט דער בחור ניט
נאָך קיין יונגע ווייב,
ס'האָט דער בחור ניט
קיין געטרייען פריינד.

קיין פארמעגען ניט,
און קיין אייגען־היים,
קיין בּאַראַנע־פלוג,
פערד צום אַקערן.

צו מיין אָרימקייט
האָט דער טאַטע מיך
עפּעס נאָך געשענקט —
כח אייזערנעם.

נור עס האָט די נויט,
אזא ביטערע,
צווישען פרעמדע לייט
מיר אויך דאָס געטויט.

זעץ איך זיך ביים טיש —
און איך קלעהר מיר שטיל:
ווי כ'זאָל אויף דער וועלט
לעבען, איינזאַמער?



נעהם ארום, גיב א קוש!
גיב א גלעט, צערטעל איין,
נאָך אַמאָל־זשע דאָס טו,
גיב א קוש, דריק מיך צו!

און דיין בליק וואָס קוקט שווארץ?
וואָס באַהאַלסטו אין הארץ?
אָ, ניט טרויער, ניט בענק,
און קיין טרעהרען פארגים,
נאָך וואָס טויגען זיי מיר,
טרעהרען דארף איך ניט איצט...

אויף א האַלב יאָהר נור צייט
דאָך צושיידען מיר זיך.
לעם דער וואָלגאַ ניט ווייט
איז אַ דאָרף דאָ ביים ברעג:
ס'וויינט מיין פאָטער אין דארף,
און מיין מוטער אליין רופט
אין דער היים מיר צו גאַסט.
צו דעם פאָטער פאָהר איך,
און דער מוטער וועל זעהן —
כ'נעהם א ברכה ביי זיי
זיך פאר'קנס'ן מיט דיר.

ווי עס רייסט מיר דאָס הארץ
איצט דיין טרויעריג קלייד:

נאָך וואָס האָסטו אַצינד,
זיך אין איהם אויסגעפּוצט?
פּוץ זיך אויס, קלייד זיך אָן
אין דיין העל-בלויער קלייד,
און דיין שאַל וואַרף ארויף,
וואָס מיט זייד אויסגענייט.
ווי דער מאָרגען-רויט זאָל
גליהען היים דיין געזיכט.
ס'זאָל די ליעבע, וויל איך,
שיינען העל אויף דיין ליפּ!
אָך, ווי גוט מיר איז דאָס
איצט צו קוקען אויף דיר!
ווי דער פריהלינג אַזוי
ביזט מיין כלה איצט שעהן!
נעהם ארום, גיב אַ קוש,
טו אַ גלעט, צערטעל איין,
נאָך אַמאָל-זשע דאָס טו,
גיב אַ קוש, דריק מיך צו!

* *
*

וואָס ט'מען מיר מיט גוואלד
חתונה געמאכט
פאר אנ'אלטען מאַן —
ווען כ'האָב ניט ליעב?

וועט דען פרעהליך זיין
אָ, דער מאַמע-מיין
איצטער אויסווישען
מיינע טרעהרען מיר?

וועט דען פרעהליך זיין
אָ, דעם פאָטער-מיין,
קוקען אויף מיין וועה
אויף דעם ביטערן!

וועט דאָס הארץ ביי זיי
ניט צורייסען זיך,
ווען איך קום אליין
אין אַ יום-טוב טאָג;

אַ געשאַנק פון איהם
וועל איך מיט ברענגען,
אויפ'ן פנים — וועה,
אין דעם הארץ — אַ וואונד.

שפּעט שוין קלאַגען זיך
אויף מיין מזל איצט,
קאַרטען אויסלעגען,
וואַרטען אויפ'ן גליק.

זאָלען אויפ'ן ים
שיפען אומשווימען,
זאָלען שיטען זיך
רענדליך אויף דער ערד.

ס'וואַקסען גראָזען ניט
נאָך דער אָסיען־צייט;
ס'בליהען בלומען ניט
ווינטער אויפ'ן שניי.

* *
*

איך זאָג קיינעם ניט אוים,
וואָס אין פריהלינג האָב איך
אויפֿין לאנקע און פעלד
מעהר קיין בלומען געפליקט.

יענער פריהלינג איז ווייט,
יענע בלומען — פאַרוועלקט,
וואָס מיר האָבען אמאָל
שעהנע קראַנצען געמאכט!

שוין ניטאָ יענע טעג,
יענע פליהענדע טעג,
וואָס מיט ליעבע געברענט,
וואָס מיט פייער געגליהט!

איך זאָג קיינעם ניט אוים,
וואָס ביי מיר אויפֿין הארץ
האָט אַנ'אומעט זיך בייז
אויסגעשפרייט שווער און שווארץ!

* *
*

קענען דיר האָב איך, גאָט,
אויסגעלאָשען דאָס ליכט;
כ'האָב דעם הייליגען בוך
קענען דיר צוגעמאכט.

און דיין הימלישער פלאָם
ברענט אונלעשבאַר פאַר מיר;
דיין אונענדליכע וועלט
אָפען ליגט פאַר מיין אויג.

כ'זויג מיט ליעבע צו דיר
זיך אַריין אין דער וועלט;
און מיט טרעהרען שטעה איך
פאַר דיין ליכטיג געזיכט.

ס'גאנצע וועלט האָט אומזיסט
זיך געשטעלט קעגען דיר,
און זי האָט דיר אומזיסט
אָבגע'משפט צום טויט.

אויפ'ן קרייץ מיט אַ קראַנץ
האָסטו רוהיג און שטיל
ביז'ן סוף פאַר די פיינד
נאָך אַלץ תפלה געטהון!



**מ. י. לערמאָנטאָוו**

(מיכאַאיל יוריעוויטש לערמאָנטאָוו)

1814—1841

מ. י. לערמאָנטאָוו

# אַ תּפלה.

אין לעבענס-רגעס שווערליכע,
ווען ס'טהוט דאָס הארץ מיר באַנג.
איין תפלה-ליעד אַ הערליכע
שטיל זינג איך אין געדאַנק,

און עפּעס-וואָס אונענדליכעס
פון יעדען אויסדרוק הויכט.
ס'איז דאָ וואָס אונפאַרשטענדליכעס,
וואָס וועקט מיך און דערהויכט.

דער פיין וואָס איז פאַרשטיינט אין מיר,
צוגאַנגען ווערט געשווינד.
און ס'גלויבט זיך מיר, און ס'וויינט זיך מיר,
און ס'ווערט מיר גרינג און לינד!

# אַ זעגעל.

אַ זעגעל איינזאַם בלייכט פון ווייטען,
אין בלויען ים-טומאַן פאַרלאָזט.
וואָס קען זיין זוכען דאָרט באַדייטען?
וואָס האָט ער אין דער היים געלאָזט?

די כוואליעס שפּיעלען זיך און רוישען, —
די מאַסטען בויגען זיך פון ווינד.
אָ ניט קיין גליק איז ער איצט אויסען,
און ניט פון גליק ענטלויפט ער צינד.

אַ שטראָם גלאנצט אונטער איהם אַ העלער,
אויף איהם — אַ גאָלד'נער זונען-שיין;
און ער, גאָר בעט אַ שטורם שנעלער,
ווי ס'וואָלט די רוה אין שטורם זיין!

מ. י. לערמאָנטאָוו

# אין צוקונפט.

אין צוקונפט מיט אַ מורא קוק איך,
אין עבר — מיט אַ טרויער, שטום.
ווי פאַרן טויט אַ מערדער, לוג איך,
און זוך אַ פריינד לעם מיר אַרום.

קומט ווער מיר אויסהיילען דיליידען,
און מיר דעם לעבענס-סוד באַשיידען:
פון ליידענשאַפט און פרייד דעם צוועק.
וואָס גאָט פאַר מיר האַלט גרייט — מיר זאָגען,
וואָס ער אָהן מיטלייד האָט צושלאָגען
דעם טרוים פון מיינע יוגענד-טעג?

דער ערד — דאָס ערדישע געגעבען,
געליבט — כ'האָב גוטס און שלעכטס געטהאָן.
כ'בין גרייט אויף סניי צו נעהמען לעבען...
עס שלאָגט די שעה... איך שווייג, ס'קומט אָן...

נאָך מיר קיין ברודער וועט ניט קומען;
פון חשך, קעלט ארומגענומען
ליגט מיין נשמה מיעד אָהן ענד,
ווי שלעכטע פרוכט — געבליהט אין שאָטען,
פון שיקזאל-שטורם בייז צוטראָטען,
די לעבענס-זון האָט איהר פאַרברענט.

## דער כוס פון לעבען.

מיר טרינקען פון דעם לעבענס־כוס
די אויגען צוגעשלאָסען;
דער גאָלד'נער ברעג ווערט ביז'ן מאָס
מיט אונזער טרעהר פארגאָסען.

און ווען עס פאַלט אונז פאר'ן טויט
דעם שלייער פון די אויגען,
און אַל'ץ וואָס ס'האָט אונז ווען געפרעהט,
מיט איהם ווערט אויך פארפלויגען;

ערשט דאַמאָלסט זעהען מיר אז שוים
האָט אונזער כוס באַהאַלטען,
און אז מיר האָבען דאָ אין טרוים
אַ פרעמדען כוס געהאַלטען.

# דער פעלז.

אויפֿן פעלז-ריעז האָט ביי נאַכט געשלאָפֿען
אַ העל-גאָלד׳נער וואָלקענדעל אַ קליינער,
און איז פֿרעהלַיך אין דער בלויקייט ריינער
שפּיעלענדיג באַגינען הויך ענטלאָפֿען.

נור אַ פייכטער טוי איז אין די שפּאַלטען
פון דעם הויכען אַלטען ריז פאַרבליבען.
אין דעם מדבר, מיט אַ בליק אַ טריבען
שטעהט ער איינזאַם, יאָמערט איינגעהאַלטען.

## הימעל און שטערן.

ריין — דער ביינאַכטיגער הימעל,
קלאָהר זענען אויבען די שטערן,
קלאָהר ווי דאָס גליק פון אַ קינד...
וואָס זאָל פארווערט זיין מיר אין זיך צו קלעהרען:
שטערען, איהר זענט קלאָהר אזוי ווי מיין גליק?

וואָס איז דיין אונגליק?
זאָגען מיר מענשען.
דאָס איז מיין אונגליק
מענשען איהר גוטע, וואָס שטערען אין הימעל —
שטערען אין הימעל, און איך בין אַ מענש!

מענשען די מענשען
זענען מקנא.
איך בין פאַרקעהרט גאָר
מקנא די שטערען די ליכטיגע ריינע,
איך וואָלט זייער אָרט נור פאַרנעהמען געוואָלט.

# פון צושיידען.

דו רעדסט און רעדסט אלץ פון צושיידען,
דאָך טראָגסטו האָפנונגען אין זיך;
פון נאָך אַ לעבען פול מיט פריידען
דערצעהלסט און גלויבסט אין דעם... נור איך? —

— פאַרבלייב געזונד! — לאָז אָב דעם קראַנקען,
וואו ס'זאָל יענם הייליג וועלט ניט שטעהן;
בלויז דו ביזט ווערט די צוויי געשאַנקען,
פאַר מיר גענוג איין וועלט אַליין.

קען איך צו אייביגקייטען שטרעבען,
אז ס'מאַכט מיך מיעד דער קורצער וועג.
אָהן רוה איז שווער מיר ווייטער לעבען,
די אייביגקייט ברענגט נור מיר שרעק.

דאָס אלטע — לאַנג אַוועקגעשוואומען,
און צוקונפט — פרעמד איז מיין געמיטה;
די ערד האָט איהרע צוגענומען,
און אומקעהרען וועט זי דאָך ניט!...

## וואונדערבארע קלאנגען.

כ'וויים ווערטער, וואָס נישטיג
און דונקעלע זענען,
נור ס'הארץ וועט אָהן אונרוה
פארשטעהן זיי ניט קענען.

אין זייערע קלאנגען —
איז ווילדער באגעהרען.
א ציטער פון זעהן-זיך,
פון אָבשיידען, טרעהרען.

דאָס ליכטיגע וואָרט,
וואָס אין פייער געבאָרען,
אין ערדישען רויש ווערט
אָהן אָבקלאנג פארלאָרען.

אין שלאכט צו אין טעמפעל,
וואו כ'זאָל זיך ניט קעהרען,
ווען כ'וועל איהם דערהערען.
וועל איך איהם דערקאָנען,

כ'רוף אב אויף זיין קלאנג זיך
אין מיטען דער תפלה,
און כ'וועל צו איהם לויפען
אין שלאכט-פעלד אפילו.

מ. י. לערמאנטאװ

# דער מלאך.

האלב-נאכט איז אַ מלאך געפלויגען אין רוים,
געזונגען וואָס שטיל ווי אין טרוים.

די לבנה, די שטערן, די וואָלקען, די ערד, —
זיין הייליגען זינגען געהערט.

גן-עדן נשמות, אָהן זינד און אָהן שטויב,
האָט ער שטיל געזונגען אַ לויב.

גאָט'ס גרויסקייט און מאכט האָט באַזונגען זיין ליעד.
פון הארציגען פייער געגליהט.

ער האָט אַ נשמה אין נאַכטיגען שיין
געטראָגען דער וועלט פול מיט פיין.

עס האָט זיין געזאַנג אין דער יונגינקער זעל
אָהן ווערטער, געקלונגען דאָך העל.

און ס'האָט די נשמה געמאַטערט זיך לאנג,
געטרוימט פון אַ וואונדער-פאַרלאַנג;

זי האָט ניט געליטען די ליעדער פון דר'ערד
זינט זי האָט זיין זינגען געהערט.

## לאַנגווייליג, אומעטיג...

אי לאַנגווייליג, אומעטיג, כ׳האָב ניט וועם געבען די האנד,
ווען ס׳הארץ מיינס פאַר וועהטאָג נעהמט גליהען...
פאַרלאַנגען ?... וואָס טויג מיר פאַרלאַנגען אומזיסט נאָכאַנאַנד?
די יאָהרען די בעסטע צופליהען !

כ׳זאָל ליעבען ?... נור ועמען ?... און ס׳לוינט ניט די מיה
אויף אַ צייט,
אונמעגליך צו ליעבען דאָך אייביג ;
אַליין זיך פארטיפען ? - פון מיר דאָס פארגאנגנ׳נע שוין ווייט,
דאָס פרייד און דאָס לייד אזוי שטויביג.

און ליידענשאַפט ? — ס׳וועט דאָך פארגעהן שנעל איהר
זיסליכער פיין ;
עס בלייבט נור אַ נעבעל אַ שווערער ;
דאָס לעבען — נור קוקסטו זיך טיפער און קאלט אין איהם
איין, —
אַ נארישער שפיעל איז, ניט מעהרער !

מ. י. לערמאָנטאָוו

# כ׳געה אַליין ארויס...

כ׳געה אליין ארויס אין ווייטע שטרעקען, —
ס׳גלאַנצט דער שטיין-וועג דורך דעם נעבעל-היל;
ס׳רוהט די נאַכט — די וויסט הערט גאָטס ענטפּלעקען,
ס׳רעדט אַ שטערען מיט אַ שטערען שטיל.

וואונדערליך דער הימעל אָנגעצונדען!
ס׳שלאָפט די ערד אין בלויען ליכט שוין לאנג...
וואָס נור פיינט מיין הארץ ווי שווערע וואונדען?
ווארט איך וואָס? טוט עפּעס נאָך מיר באנג?

כ׳ווארט שוין מעהרער גאָרנישט-ניט פון לעבען,
ס׳בינדט מיך די פאַרגאַנגענהייט ניט צו.
כ׳גאַר, זאָל ווער מיר פרייהייט, שטילקייט געבען,
כ׳וויל פאַרגעסען זיך אין שלאָף און רוה...

בלויז נור ניט דעם שלאָף פון קאַלטען קבר, —
נור אָהן אויפהערער רוהען, — לאנג אָהן ציעל;
לעבען דרימלען זאָל אין יעדען אבר,
אטמענדיג די ברוסט זאָל שלאָגען שטיל.

טאָג און נאַכט זאָל מיט אַ שטילען נגון
ליעבע-קלאנגען וועבען ווער אין רוים.
איבער מיר זאָל רוישען און זיך וויגען
שטיל אַנ׳אויביג-גרינער אייכעל-בוים.

## די צואה.

כ'וואָלט וועלען ריידען, ברודער מיין,
מיט דיר, קום וואו אוועק;
מען זאָגט, כ'האָב אויף דער וועלט צו זיין
שוין נור געצעהלטע טעג.
דו פאָהרסט צוריק אהיים צו דיר
זאָלסט זעהן... דו ווייסט דאָך אז מיט מיר
האָט מען זיך ניט געצערטעלט האָך
אפילו אין מיין יוגענד נאָך.

דאָך עמיץ פרעגט אויף מיין געזונד,
ווער ס'זאָל ניט זיין דאָרט ווער;
איהם זאָג, ס'האָט דורך אויף דורך פארוואונדט
אַ קויל מיין האַרצען שווער;
אז כ'בין געשטאָרבען טריי מיין לאנד,
ס'האָט שלעכטע רופאים יענער קאַנט,
און אז מיין היים, וואו כ'האָב פארבראכט,
האָסטו פון מיר אַ גרוס געבראכט.

מיין פאָטער, מוטער, מעגליך זיי,
וועסט שוין ניט טרעפען גאָר...
כ'בין מודה, ס'טוט מיר באנג אזוי,
ווען זיי ווערען געוואָהר.
נור ווען עס לעבט פון זיי נאָך ווער,
טאָ זאָג, אז ס'איז מיר שרייבען שווער,
און אַז מיין פאָלק איז ווייט אין גאַנג, —
זיי זאָלען מיך ניט וואַרטען לאַנג.

אַ שכנה איז פארהאנען דאָרט..
דו וועסט דערמאָהנען איהר, אַז לאַנג,
ווען כ'בין אַוועק... זי וועט קיין וואָרט
ניט פרעגען דיר... מיר טוט ניט באַנג.
דערצעהל איהר אוים, — אַלץ טייל איהר מיט,
אַ פוסטע הארץ באַדויער ניט;
זאָל זי אַ ביסעל קלאָגען...
זי וועט עס איבערטראָגען...

## דער בעטלער.

עס איז געשטאנען לעם גאָט'ס הויז
אַ בעטלער דאר און איינגעבויגען,
און מיעדקייט, הונגער קוקט אַרויס
פון זיינע איינגעפאלענע אויגען.

אַ שטיקעל ברויט נור האָט פארלאנגט,
זיין בליק האָט שווערען פיין באַהאלטען;
ס'האָט ווער אַ שטיין אין האנד דערלאַנגט,
וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט געהאלטען.

אזוי האָב איך מיט טרעהרען דיר
אין פיין געבעטען זאָלסט מיך ליעבען;
די בעסטע האָפנונגען אין מיר
אויף אייביג אָבגענארט געבליבען.

* *
*

זי ציהט ניט צו מיט שטאָלצער שעהנהייט
די לעבעדיגע יונגע לייט.
זי פיהרט ניט נאָך אַ מחנה שטומע
פארליעבטע זיפצערס ביי איהר זייט.

און ניט קיין געטליכע — איהר טאליע,
איהר ברוסט וויגט חוואַליג זיך ניט אום;
און קיינער קניהענדיג ערקלעהרט איהר
פאַר זיין איין איינציג היילigטום.

דאָך אין איהר גאנצענער באַוועגונג,
אין שמייכעל און אין פנים-שטריך —
איז דאָ אזוי פיעל לעבענס-רעגונג,
אזוי פיעל שעהנקייט וואונדערליך!

איהר שטים נעהמט דורך דיין הארץ אזוי ווי
אַ לאנג-פארגאנגענער געפיהל...
דאָס הארץ האָט ליעב אַזוי און פייניגט
דאָך ווי פאַ. שעמט זיך אין דער שטיל.

## באראדינא*).

אַ ניט אומזיסט דאָך פעטער טרייער,
האָט מען דאָן מאָסקווא אין אַ פייער
פארלאָזט צו דעם פראַנצויז?
געווען געשלעגען מיט'ן שונא,
מען זאָגט, גאָר שרעקליכע אזוינע,
אַז רוסלאנד ווייס ניט פון נאָך איינע
ווי באָראָדין־שלאכט גרויס!

געוועזען לייט אַמאָל, — מיט יאָהרען,
ניט דאָס, וואָס אייער דור געוואָרען;
גבורים — ניט ווי היינט!
אַ שלעכטער סוף זיי אויסגעגאנגען,
שוין מעהר אַ היים צו זיך דערגאנגען...
ס'וואָלט ניט געוועזען גאָט'ס פאַרלאַנגען,
איז מאָסקווא ניט ביים פיינד!

מיר זענען לאַנגזאַם אָבגעטראָטען,
אַ שלאַכט געוואַרט, — דאָס בלוט געזאָטען...
בייז ברומען אַלטע לייט:
צי וויל מען אונז דאָ איינקוואַרטירען?
ניט וואגען דען די קאָמאַנדירען
אַראָבפליקען דעם פיינד'ס מונדירען
מיט רוסלאַנדס שפיז אין שטרייט?

---

*) אין דעם רוסיש־פראנצויזישען קריג, ביים דערפעל באָראָ־
דינאָ, רוסלאנד, אין 1812.

אָט קומען מיר אין פעלד דעם ברייטען,
פאַרהאַן דאָ וואו זיך פריי צושפרייטען!
געמאַכט זיך אַ רעדוט. —
אין אויער רוישט ווי טויזענד ביהנען! —
באַלויכטען ווערט פון דעם באַגינען
דער גרינער וואַלד, די קריעגס-מאַשינען —
דער פיינד קומט די מינוט.

כ'האָב דעם קאַנאָן שוין גרייט צו שיסען,
כ'וועל, ברודערל, דיר באַלד באַגריסען,
נו גיב, מוסיו, דיין האַנד!
טאָ קום אַרויס, צו וואָס באַהאַלטען;
מיר וועלען זיך אַ וואַנד דורכשפּאַלטען,
און ביזין לעצט דעם קאַמף אָנהאַלטען
פאַר אונזער פאָטערלאַנד!

צוויי טאָג אין דורכשיסען פאַרלאָרען
נור וואָס איז פון דעם שפּיעל געוואָרען?
אַ דריטער טאָג קומט באַלד;
מען הערט זיך זאָגען איינם דאָס צווייטע:
„שוין האַלט די באַיאָנעטען גרייטע!“ —
אָט אויף דעם פעלד געבארגט מיט טויטע
אַ נאַכטיג שאָטען פאַלט.

ביז צום לאַפעט מיעד צוגעפאַלען,
געהערט, ווי ביז דעם טאָגס אויפשטראַהלען
האָט זיך דער פיינד געפרעהט.
נור אונזער קריעגער — ווי פאַרגעסען:
ווער, פוצענדיג זיין העלם, געזעסען,
ווער האָט זיין שפּיז געשארפט דערעסען,
און בייז די וואָנס געדרעהט.

ווי ס'צינדען זיך די הימעל-ברעגען,—
הויבט פלוצלונג אַלץ זיך אָן באַוועגען,
און מחנות ציהען ווייט.
און דער פּאָלקאָווניק — סאַראַ גבור!
דעם צאַר געטריי, צו אונז — אַ ליעבער...
ליגט טויט אין איינע פון די גריבער,
געפאַלען אין דעם שטרייט.

זיין שטים — געהילכט אין אַלע ברעגען:
„שטעהט דען ניט מאָסקווא אונז ענטקעגען?
קומט שטאַרבען פאר איהר מאכט.
ווי אונז'רע ברידער איבערגעבען!„——
מיר האָבען אונזער וואָרט געגעבען
און מוטהיג איינגעשטעלט דעם לעבען
אין באָראָדינער שלאַכט!

געזוען אַ טאָג! — ווי וואָלקען-שטויבען —
די מחנות האָבען זיך געהויבען
צו אונז אויף דעם ראַדוט.
אולאַנער מיט משונה-פּלעקען,
דראַגונער מיט די פערדען-עקען
זיך ציהען אָן פון אַלע שטרעקען
ענטקעגען אונז מיט וואוטה.

שוין ניט פאר היינט אַזוי זיך שלאָגען!...
ווי שאָטענס — פאָהנען זיך געטראָגען,
דער פלאַם — אין רויִם געהעלט;
אין לופטען הילכען שטאָל-געקלאַנגען,
די הענד — פון שלאָגען מיעד געהאַנגען,
די קוילען — ניט צום ציעל דערגאַנגען
דורך טויטע פול פאַרשטעלט.

דער פיינד דערוואוסט האָט זיך ניט וועניג,
וואָס ס'הייסט אַ רוסיש שלאַכט אַנ'איינינ,
דעם האַנד אויף האַנד געשלעג!...
די ערד — ווי אונזער האַרץ געוויגט זיך;
און מענשען, פערד, אין איינם געדריקט זיך,
אַ רויש פון ביקסען האָט פארשטיקט זיך
געטראָגען אין דער שטרעק!...

געוואָרען נאַכט. אויף אַ באַנייטער
שלאַכט געווארט נאָך מעהר צושטרייטער,
שטעהן ביז'ן ענד אזוי...
אָט קלאַפּען שוין די באַראַבאַנען. —
עס טרעטען אָב די באַסורמאַנען,—
און מיר — לעם אונז'רע לייט געשטאַנען,
געצעהלט די וואונדען זיי...

געוועזען לייט אַמאָל — מיט יאָהרען,
ניט דאָס, וואָס אייער דור געוואָרען!
גבורים — ניט ווי היינט!
אַ שלעכטער סוף זיי אויסגעגאַנגען...
שוין מעהר אַהיים צו זיך דערגאַנגען...
ס'וואָלט ניט געוועזען גאָט'ס פאַרלאַנגען
איז מאָסקווא ניט ביים פיינד!

## 11־טער יון, 1831.

1

אין קינדהייט נאָך, — ווען כ׳בין געוועזן קליין —
האָב וואונדערליכס געזוכט, און האָב געשטרעבט
נאָך אַלע וועלט־פרייד, — ניט צו איהר אליין
אין וועלכער כ׳האָב מינוטען בלויז געלעבט;
און יענע רגע׳ס זענען פול געווען מיט לייד,
פארבאָרגענע טרוימען האָב מיט זיי פארזייהט..
נור ס׳האָט פון זיי דער טרוים, גלייך ווי די וועלט,
דאָך ניט געקענט פארשאָטענט זיין, פארשטעלט.

2

כ׳האָב וועלטען און אַ לעבען גאָר אַ צווייט,
אין שעה׳ן דורכגעלעבט אין מיין געדאנק,
און אָן דער ערד פארגעסען. אָפטערהייד
געריהרט פון טרוימען טרויעריג און באַנג
האָב איך געוויינט; נור יענע בילדער־פראכט
דורך ליעבע אָדער שנאה פאראורזאכט,—
זיי האָבען ניט ווי ערדישים אויסגעזעה׳ן.
אין זיי איז גהנום, הימעל, — אַלץ געווען!

3

ס׳איז שווער אויסדריקען מיט אַ טויטען אות
אָט דעם געדאנקען־שטורם. ס׳איז קיין קלאַנג

ניטאָ ביים מענש אויף אויסצומאָלען דאָס,
וואָס גליהט אין דיר אלס הייליגסטער פאַרלאַנג.
און כ׳פיהל אַ פייערדיגע פלאַמען-פרייד,
נור כ׳האָב קיין ווערטער ניט; בין דאמאָלסט גרייט
זיך אָפּפערען, אַ שאָטען כאָטש פון פיין
זאָל אין דעם צווייטענס האַרץ אריין.

4

באַריהמטהייט, רוהם? וואָס איז אין דעם? דאָך כ׳שטעה
אַ שוואכער קעגען זייער מאכט, וואָס נויט
אַלצדינג, אַלצדינג מיר אָפּפערען פאר זיי.
און כ׳בלאָנדזשע אום די גאנצע טעג פול לייד,
אַן עלענדער פון אַלעמען באַשפּאָט...
נור כ׳גלויב! אַ נביא אַ פאַרבאָרגנער האָט
מיר צוגעזאָגט אונשטערבליכקייט, און כ׳האָב
דעם טויט געשענקט די אַלע ערדיש גאָב.

5

קיין קבר האָט דער הימעלשער אין פעלד.
און מיינע טרוימען, — ווען איך וועל פאַרגעהן —
וועט ניט פאַרשטעהענדיג, ערשטוינט די וועלט
דאָך בענשען; און מיין מלאך, דו, אַ ניין,
ווי איך אויך שטאַרבסטו ניט: מיין ליעבע טריי
וועט דיר אונשטערבליך מאַכען אויף דאָס ניי.
מיט מיר — דערמאָנט מען אונז דאָך זאָלבע צווייט,
וואָס דאַרף די וועלט מיר זאָלען זיין צושיידט?

## 6

צו טויטע זיינען מענשען גוט. ס'פאַרעהרט
דער זוהן, אַלץ וואָס דער פאָטער האָט פאַרהאַסט.
צו זעהן דאָס דאַרפסט ניט וואַרטען ביז עס ווערט
דער קאָפּ דיר גרוי פון אַלטקייט און פון לאַסט.
ס'האָט אַלץ זיין ענד. אַ מענש לעבט אויף דער וועלט
דאָך ניט פיעל לענגער ווי אַ בלום אין פעלד.
און פאַר דער אייביגקייט — איז אַלץ דאָך קליין.
קענסט איבערלעבען נור דיין וויעג אַליין.

## 7

אַמאָל, ווען ס'ציהט מיר אין דעם פעלד אַריין,
און כ'געה אַליין ביים ברעג פון טייך אַרוים.
ווי ס'שלאָגט דער וואַסער שנעל, הער איך זיך איין;
די בלויע וואַלען יאָגען מיט געררויש,
און איבער זיי — אַ וויסער פאַס מיט שוים;
האָב איך געקוקט, — מיך האָט קיין בייזער טרוים
דאַן ניט באַהערשט. און ס'האָט דער וואַלען־קלאַנג
פאַריאָגט און מיר דעם פיינענדען געדאַנק.

## 8

דאָ איז געוועזען מיין גליק... ווען ס'קען מיין האַרץ
פאַרגעסען וואָס מען קען ניט... ס'פרויען־בליק!
די אורזאַך פון אַזוי פיעל פיין און שמאַרץ! —
אַן אַנדערער באַהערשט פון לאַנג דיין גליק,
און איך — אַ צווייטער ליעב אַזוי און גאַר,
כ'וויל לעבען! און איך בעט צום הימעל־האָאַר.

אויף נייע ליידען; נור ס'געהט ניט אַוועק
דער באַנגער שאָטען פון אַמאָליגע טעג!

9

ס'האָט קיינער מיך ניט ליעב דאָ אויף דער ערד.
ווי אנדערע — בין איך אויך זיך צו לאסט
אַ בענקשאַפט הילט מיין שטערען און פארצעהרט,
בין שמאָליץ און קאַלט, זעה אוים ווי כ'וואָלט פארהאַסט
דער גאַנצער מענשען-וועלט... נור דארף זי דען
אין הארצען גראָב אריינקוקען און זעהן,
וואָס כ'טראָג אין מיר באהאלטען דאָרט אַזוינס?
ס'איז ליכט צו פינסטערניש — איהר איז אלץ איינס!

10

אַ וואָלקען שוועבט דורך פינסטער אין דעם רוים,
אין איהם — אַ בייזער פייער זיך באהאלט.
כ'רייסט אוים דער פלאַם, און ווארפט אלץ אין דעם תהום,
און מיט אַ וואונדער-שנעלקייט זיך צושטראַהלט —
דערנאָך — הילט ווידער זיך אין שאָטען איין;
ווער וועט ערקלעהרען אונז דעם אורשפרונג זיין?
ווער וועט אריינקוקען צום וואָלקען הויך?
צו וואָס? — ער וועט פארשווינדען ווי אַ רויך!

11

מיך אונרוהיגט די צוקונפט נאָכאנאנד:
ווי וועל איך ענדיגען מיין לעבען, — וואו
באשערט צו בלאָנזשען מיר? אין וועלכען לאנד
וועל איך געפינען ליעבע-פרייד און רוה?...

נור ווער ס'האָט מיך געליעבט אַמאָל, — אַט דער
העט מיך דערקענען... און אין הארצען קלעהר:
ווער ס'ליעבט אַזוי — פון טייוועל אין פאַרבלענדט;
נור כ'זעה... כ'האָב שוואַכער ליעבען ניט געקענט!

12

פיעל מענשען גלויבען אין דער ליעבע ניט,
און גליקליכע מיט דעם; דאָס איז ניט מעהר
פאַר זיי פאַרלאַנגען, וואָס דאָס בלוט צוגליהט,
אַ מאַרך-צושטערונג, און אַ חלום שווער.
איך וויים ניט, וואָס האָט ליעבע אַזאַ קראַפט
נור ליעבען! — ס'איז די שטאַרקסטע ליידענשאַפט!
אָהן וועלכער ס'איז דער לעבען גאָר ניט ווערט,
און כ'האָב געליעבט ווי מעגליך נור אויף דר'ערד!

13

ס'האָט פאַלשקייט מיך פאַרזזענדען ניט געקענט;
פון פוסטקייט האָט גענאָגט מיר אָהן אַ ברעג;
אין מיין פאַרוואונדטען הארץ האָט טיעף געברענט
מיין גאָט — די ליעבע פון אַמאָלגע טעג.
אויך טרעפט אין אַ צופאַלענער רואין
אויף שטיין וואַקסט אַ בעראָזע אוים, און גרין
צולאָזט די בלעטער איהרע, — זי צובליהט —
און דאָס באַשעהנט דעם טונקעלען גראַניט.

14

ס'טוט באַנג דעם וואַנדערער, וואָס קומט פון ווייט,
איהר מזל. הילפלאָז גיט זי זיך אַוועק

דעם שטורם און דער היץ; וועט פאר דער צייט
פארוויאַנעט ווערען אין די בעסטע טעג.
דאָך מי דעם וואָרצעל וועט דער שטורם ניט
איהר אויסרייסען פון שטיינערנעם גראַניט;
גלייך אין אַ קראַנקען הארץ קען ליידענשאַפט
בלויז האָבען דאָרט אן אונבאַגרענצטע קראַפט.

15

דאָס שטאָלצע הארץ, עס ווערט ניט אָפּגעקיהלט,
און איינגעמיעדט פון לעבענס-יאָך, בעטרוג;
דער מזל טויט עס ניט, — נור ווילד
בלויז פייניגט, און זיין יעדער אָטעם-צוג
הויכט קענען אַלץ, וואָס איז באַזיגט. עס ברענט
אין איהם פיעל בייז צו טון, כאָטש וואָלט געקענט
אויך גליקליך מאַכען טויזענדער; — ווער ס'האָט
אַ הארץ אַזאַ — איז מערדער אָדער גאָט!...

16

ווי נאָהנט ס'איז תמיד מיר די וויסט געוועזן!
כ'האָב ליעב דאָרט צווישען היילע בערג דעם ווינד,
אין רוים — דעם רויב-פויגעל צו פליהען זעהן,
אין טאָל — די וואָלקען-שאָטענס ווייך און לינד.
די ווילדע סטאדע פון קיין יאָך געפּרופט,
און דער בלוט-דורשטיג פויגעל אין דער לופט
צופריעדען אָטעמט איין דאָס ריינע בלוי,
וואו ס'שווימען וואָלקענס ליכטיגע אזוי!

17

ס'ערשטוינט דעם מענשען אונגעריכטערהייד
גלייך ווי אַ ריז, דער אייביגקייט־געדאַנק,
ווען ס'בלויט דער אָקעאַן פלאַך אויסגעשפּרייט
פאר דיינע אויגען; יעדער, יעדער קלאַנג
מיט וועלט־האַרמאָניע פול, — אַלץ וואָס קומט פאָר,
די ליידען אָדער פרייד, — דיר ווערען קלאָר.
פאר דיינע אויגען אָפען אַלצדינג שטעהט, —
און קענסט אויף אַלץ געפינען אַ באַשייד.

18

אין יענער שעה, ווען ס'לעשט דער טאָג זיך אויס,
ווער ס'האָט די הויכע, ווילדע בערג באַטראַכט:
אין מערב קוקט די גרויסע זון ארויס,
אין מזרח שלייכט דער שאָטען פון דער נאכט.
אויף דר'ערד אַ נעבעל, — יעדער בוים און שטרויך,
די בערג אַרום מיט וואונדערליכער הויך,
גלייך ווי די וואָלקען נאָך אַ שטורם־שפּיעל —
אין מאָדנעם פייער ברענען, ברענען שטיל.

19

דאָס האַרץ איז פול מיט איבערלעבטע טעג
און שלאָגט אַזוי; אַ וואונדער־חלום שטעלט
מיר ווידער דעם אַמאָל־סקעלעט אַוועק,
אין איהם די זעלבע שעהנקייט, דאכט זיך, העלט...
אויך ליעב איז אונז צו זעהן נאָך לאַנגער צייט
דאָס אייגען בילד, כאָטש גאַר אָהן עהנליכקייט.

צו אויפ'ן לייוועגד אונזער בליק נאָך שטראַהלט
פון צייט און לעבען אויסגעלאָשען, קאַלט?

20

קען שעהנערם זיין ווי אָט דער פּיראַמיד
פון דער נאַטור, דער שנייען בערגער־ראַנד?
באַזיגען זייער שטאָלצען בליק וועט ניט
קיין זאַך: ניט קעניג־רוהם, נישט זייער שאַנד!
און וואָלקענס דראַפען זיך זיי אויף די קעפ,
און בליצען — אויף די הויכע שווינדעל־טרעפ;
נור קיין זאַך זייער וואונדער גרויסקייט שטערט.
דעם הימעל־נאָהנטען לעסטיגט ניט די ערד.

21

ס'זעהט אָרים אויס דער סטעפ, וואו אָהן אַ ברעג,
בלויז וויגענדיג דעם הויכען גראָז זיך טראָגט
דער מדבר־אָדלער אויף זיין וויטען וועג,
נאָך זיך דעם שטויב מיט זיינע פליגעל יאָגט;
ווי שארף דו זאָלסט ניט קוקען — דיר פארביי
באַווייזען זיך בערגזעם צוויי צו דריי,
וואָס דורך דער בלויער פינסטערניש ארוים
דיר זעהען זיי ביי נאַכט ווי שווארצע אוים.

22

אונז לאנגווייליגט אָהן קאמף דער לעבען דאָ.
און אין פארגאנגענעם פארטראכטען זיך,
איז שווער פאַנאַנדערשיידען. אין דער שעה
פון צייטיגקייט קיין זאך וועט פרעהען דיך.

כ׳זויל ארבייט! יעדען טאָג וואָלט איך געוועלט
אונשטערבליך מאַכען. ווי פון גרויסען העלד
דער שאָטען בלייבט. און דער נשמה מיין
דאָך פרעמד איז דער געדאנק פון רוהיג זיין.

23

עס ברויזט און צייטיגט וואָס אין מיין פארשטאנד.
פארלאנגען אונבאַקאַנטע, שווער געמיט
באאונרוהיגט מיין האַרצען נאָכאַנאַנד,
נור וואָס? — דער לעבען אזוי שנעל פאַרפליהט,
אין מיטען פון דייך אָנפאַנג יאָגט דיר אָן, —
מיך שרעקט ס׳וועט בלייבען עפּעס ניט דערטאָן;
דער לעבענס-דורשט איז שטאַרקער פון זיין פיין,
כאָטש איך פאַרהאַס פון אַנדערע דעם זיין.

24

און ס׳טרעפט, ווען דיין פארשטאנד ווערט אָפּגעקיהלט,
דיין זעלע דעמערט; — און קיין נאָמען ווייסט
פאר דיין פארלאנג; ס׳שלאָפט דער געדאנק פארהילט;
קיין אונטערשיעד פון טרויער און פון טרייסט;
ס׳איז די נשמה זיך אַליין אין וועג.
דאָס לעבען — מאוס, און שטאַרבען איז אַ שרעק...
אין זיך געפינסט די אורזאַך פון דיין פיין,
דער הימעל קען אין גאַר נישט שולדיג זיין.

25

כ׳בין מיט דעם צושטאנד צוגעוועהנט אַ סך;
נור ס׳קען ניט אויסדריקען דאָס וואָס מיר קלעמט

ניִשט די מלאכים אָדער טייוועל־שפּראַך,
זיי איז אַן אויפרעגונג אַזאַ דאָך פרעמד.
ס'איז איינער ריין, דער צווייטער אונריין איז,
ביים מענשען קען נור זיין אַזאַ געמיש,
וואו הייליגקייט און ריינקייט זיך געפינט;
דאָס איז די אורזאַך פון זיין שלעכטס און זינד.

26

ס'האָט קיינער נישט באַקומען זיין פארלאנג,
וואָס ער האָט ווען געליעבט; — אויב ווער פאַרהאָן
וואָס האָט פון גאָט באַקומען אַלס געשאנק,
זאָל דורכגעהן זיין פארגאנגענהייט, און דאַן —
וועט זעהן, אז איהם האָט מעהרער גליק געוואַרט
ווען ס'וואָלט איהם ניט פאר'סמ'ט און אָפּגענאַרט
זיין האָפענונג דער מזל; ס'קען דאָך ניט
זיין שטאַרק די וואָל, ווען צו איהר ברעג זי פליהט

27

פון שטורם־ווינד געטריבען בייז און ווילד,
זי קרעכצט פערטרונקען אין איהר אייגען שוים...
געדענקט, ווען מיט דעם אייער זיך געשפּיעלט
האָט זי אין קליינעם טייך ביי זיך אין היים.
קען זיין, וועט אין אַ טייך אַ צווייטען וואו
באַלד אָנקומען, נור דאָרט נישט האָבען רוה,
ווייל ווער געבלאָנדזשעט האָט אין ים'ען־שטרעק,
וועט נישט איינרוהען אין אַ שטילען ברעג.

28

כ'האָב פאַרגעזעהן, וואָס מיר מיין מזל גרייט,
דער פריהער פּיין זיין זיגעל האָט געשטעלט;
דער שעפּער ווייס נור פון מיין שווערער לייד,
דאָך ס'דאַרף ניט וויסען ס'גלייכגילטיגע וועלט.
כ'וועל נישט פאַרגעסען זיין,, — פון מויל צו מויל
וועט איבערגעהן מיין טויט פון שרעק און גרויל,
אַ וואונדער זיין אין יעדען פרעמדען לאנד,
אין אייגענעם — צו קללה און צו שאנד!

29

און אלע!... ניין!... איין וועזען דאָ אויף דר'ערד,
וואָס ליעבען קען, כאָטש אַנדערע — ניט מיר;
ביז איצטער האָט זי מיר ניט אויסגעהערט.
דאָך וועט דאָס פייער־האַרץ אין איהר
ניט משפּט'ען ווי אלע מיך... זי וועט
דערמאָנען אָן מיין נבואה זיך, כאָטש שפּעט...
פאַרצויגען ווערען מיט אַ וואָלקען, קאַלט,
וועט זיך איהר פּרעהליך־לעבעדיג געשטאַלט.

30

מיין קבר וואַרט אַ בלוטיגער מיר ווייט,
אָהן תפלות, אָהן אַ צלם וואַרט ער אָפּ,
אין ברעג, וואו ס'קאָכט דער וואַסער ווילד און שריים, —
אַ נעבעלדיגער הימעל קוקט אַראָפּ.
ס'איז פּוסט אַרום. — אַ יונגער וואַנדערער,
וואָס וועט דורך נייגיער אָנקומען אַהער

וועט זעצען זיך אַ מיעדער אויף אַ שטיין
דערמאָנען מיך מיט מיטלייד און געוויין:

31

וועט זאָגען: פאר וואָס האָט די וועלט זיין גרויס
ניט אָפּגעשאצט, קיין פריינד פארמאָגט האָט ער,
זיין ליעבע האָט מען אָפּגעשטויסען ביין?
כאָטש איז איהר ווערט געוועזן; דעם וואנדערער
וועט רעגען שטיל אַ נאָגענדיגער פּיין,
און זיך פארקוקען אין דער וויים אריין:
וועט וואָלקענס דארטען זעהן, און כוואליעס העל,
אַ ווייסען זעגעל יאָגענדיג זיך שנעל,

32

מיין קבר אויך! — מיין ליעבע טרוימען-וועלט
צו דעם איז גלייך; ווי שטארק עס מאַניעט דיר
אַלץ וואָס קען ניט געשעהן; אַ שעהנקייט העלט
ארויס פון אָט די בילדער; אויף פּאפּיער
דאָך שווער זיי איבערגעבען; דער געדאנק
איז שטארק, ווען ס׳דריקט איהם ניט קיין ווערטער-צוואנג,
און טראָגט זיך פריי גלייך ווי אַ קינדער-שפּיעל,
גלייך ווי הארפען-קלאנג אין אָבענד שטיל.

# מ צ י ר י.

(מאנאכען)

כ'האב וועניג האניג
פארזוכט אין מיין לעבען,
און אט שטארב איך.

מלכים א.

---

I

ניט לאנג, מיט וועניג יאָהר צוריק,
וואו ס'גיסען אויף זיך רוישענדיג
קורא, אראגווא — טייכען צוויי, —
געהאלזט ווי שוועסטער פליסען זיי,
איז דאָרט א מאָנאסטיר געוועזן,
מען קען נאָך דורך די בערגער זעהן
די טויער-זיילען אלט און הויך,
דעם טורם און דעם קלייסטער אויך;
נור פון דעם ווייראך-רויך אין לופט
מעהר הערט זיך ניט קיין הייליג דופט,
קיין זינגען פון מאָנאכען שפעט,
וואָס בעטען גאָט פאר אונז געבעט.

אַ גרייז מיט אַ פאַרלאָשען בליק
בלויז דאָרטען היט קוים לעבעדיג,
פאַרלאָזט פון מענשען און פון טויט,
דעם שטויב פון די מצבות וועהט,
וואו זיגען אנגעשריבען שטעהט,
אז אויך אַ קיסר דער און דער,
די קרוין איז איהם געוועזען שווער,
האָט פון זיין טראָן זיך אָבגעלענקט, —
דאָס פאָלק האָט רוסלאנד איהם געשענקט...

* *
*

און ס'האָט אויף גרוזיען גאָט'ס גענאד
אראָבגענידערט! — און זי האָט
געבליהט אין שאָטען פון איהר סאָד
מיט שפיזען פריינדליכע באַוואַכט,
פון פיינד מיט שרעק מעהר ניט געטראַכט.

---

II

אַ גענעראל אַ רוסשער איז
אַמאָל פון באַרג אַ דורך טיפלים;
האָט אַ געפאַנגען קינד געפיהרט.
דאָס קינד — פון וועג זיך מיעד געשפירט,
איהם ווייטער געהן געוועזען שווער,
האָט ביי זעקס יאָהר פאַרמאָגט, ניט מעהר;
ווילד ווי אַ באַרג-הירש אויסגעזעהן,
איז בויגיג שוואַך ווי ראָהר געוועזן.

נור ס'האָט זיין קרענק אין איהם ערוואכט
פון זיינע פאָטערס גייסט און מאַכט,
געליטען ניט באַקלאָגטערהייד,
און ס'האָט קיין קרעכץ ניט פון זיין לייד
זיך אויף זיין קינדער־ליפּ געשפּרייט.
מיט וואונק האָט אָבגעשטופּט דאָס שפּייז,
שטאָלץ אויסגעגאַנגען רגע־ווייז.
אַ נזיר האָט פון מיטלייד בלויז
איהם אָבגעהיט דאָרט אין אַ הויז,
געהאלטען שטיל איהם אָבגעטיילט
און מיט גרויס מיהען אויסגעהיילט!
נור פרעמד פון קינדערשען פארשייט,
האָט ער נאָך יעדען אויסגעמיידט,
געבלאָנדזשעט שווייגענדיג אליין,
צום מזרח זייט פארטראכט פלעגט שטעהן
מיט אַן'אונקלאָהרען אומעט־טרוים
אהין, וואו ס'קוקט ארוים זיין היים.
דערנאָך, געוועהנט שוין צו דער וואַך,—
פארשטעהן גענומען ס'פרעמדע שפּראַך,
געהייליגט זיך פון פריסטערס האַנד, —
שוין גרויס געוועזן דאַן מיט פארשטאַנד,—
און מיט דעם וועלט־רויש אונבאַקאַנט,
האָט ער שוין אננעהמען געטראַכט
דעם נזיר־יאָך. האָט זיך געמאכט,
האָס ער איז אין אַנ'אָסיען נאַכט
פארשוואונדען; מיט אַ וואלד באַוואַכט
געלעגען איז דער בערגער־וועג.
אומזיסט געזוכט איהם דאָרט דריי טעג,
שוין אלס פארלאָרענעם באַטראַכט,

נור אָט !—ער ליגט אין סטעפּ פאַרשמאַכט,—
איהם קראַנק אין מאָנאַסטיר געבראַכט.
ער איז געוועזען דאַר און שוואַך,
ווי מיעד פון אַרבייטען אַ סך,
פון קרענק צי הונגער אויסגעצעהרט;
די פראַגען ווי ניט אויסגעהערט,
מיט יעדען טאָג מעהר אויסגעברענט,
געוועזען נאָהנט שוין איז זיין ענד.
דער נזיר האָט צו איהם גענעהנט
מיט גוטע ווערטער אלערליי
גענויט דערצעהלען איהם זיין וועה;
דער קראַנקער, הערענדיג אזוי,
האָט שטאָלץ זיך קוים געלעהנט אָן בעט
און לאַנג צו איהם אזוי גערעדט:

---

III

„מיין ודוי הערען דאָ ביזטו
געקומען, — נעהם מיין דאַנק זשע צו.
ס'ווערט גרינגער אויפ'ן האַרץ פון דעם,
ווען רעדסט זיך אוים אַמאָל פאַר וועם.
נור מענשען שלעכטס האָב נישט געטהאָן,
דעריבער געהט אייך גאָר ניט אָן,
איהר וועט אין דעם קיין נוץ ניט זעהן,—
און עפענען אַ האַרץ ווער קען?
געלעבט נישט פיעל און אין געפאַנג.
אזעלכע לעבענס צוויי מיט דאַנק

וואָלט איך געשענקט פאַר איינעם בלויז
וואָס פול זאָל זיין מיט לעבענס־רויש.
באַהערשט האָט מיך איין איינציג קראַפט —
די ברענענדיגע ליידענשאַפט;
אַ וואָרים גלייך אין מיר גערוהט,
האָט פון מיין האַרץ גענאָגט דעם בלוט,
די טרוימען מיינע האָט מיט מוטה
פון מאָנאַסטיר געלאָקט צוריק
צו יענער אומרוה־וועלט פול קריעג,
וואו וואלקען הילט די סקאַלעס איין,
וואו מענשען קענען אָדלערס זיין.
דער ליידענשאַפט, ביי נאַכט, אָט דער,
ערנערט האָב איך מיט פיין און טרעהר.
פאַר ערד און הימעלס זונען־שיין
ערקלעהר איך זי נאָך איצט פאַר מיין,
און כ׳בעט ניט די פאַרגעבונג דיין.

---

IV

אָ, אַלטער, כ׳האָב פיעל מאָל געהערט,
האסט פון דעם טויט מיך אויסגעוועהרט —
פאַרוואָס ?... געבליהט האָב אונבעגליקט
גלייך ווי אַ בלאַט פון ווינד געפליקט
אין ענגע ווענד פון אַלע וויים—
אַ קינד און נזיר — אין איין צייט.
די ווערטער—„פאָטער, מוטער“—צוויי,
פאַר אַלע הייליגע אזוי—
האָב זאָגען קיינעם ניט געקענט,
זיי האָבען אין מיין האַרץ געברענט.—

דו אלטער, האָסט געוואָלט פון מיר,
אַז איך זאָל דאָ אין מאָנאַסטיר
פון אָט די נעמען זיין צושיידט
אין וועלכע ס'גליהט אַזוי פיעל פרייד! —
אומזיסט! ס'איז זייער צויבער־קלאַנג
מיט מיר, מיט מיר געבוירען לאנג.
עס האָבען אַלע ברידער, פריינד,
אַ הויז — מיט פריעדליכקייט באשיינט,
נור איך, אַ יתום־קינד געווען,
פאַר זיך — נור קברים בלויז געזעהן!
איך האָב אומזיסט מעהר נישט געקלאָגט,
מיין האַרץ פארשוואוירען און פארזאָגט:
זאָל דריקען כאָטש איין רגע בלויז
מיין ברוסט די ברענענדיגע היים
זיך צו אַ צווייטער ברוסט מיט פיין,
אַנ'אונבעקאַנט — נור נאָהנט זאָל זיין!
נור אָט די טרוימען מיינע די.
אין מיר פארוויאַנעט זענען פריה,
און ווי איך האָב געלעבט אַליין,
אַ קנעכט און יתום וועל פאַרגעהן!

---

V

עס שרעקט מיך ניט אין קבר זיין:
די ליידען, זאָגט מען, שלאָפען איין
אין אייביגקייט האָרט שטילערהייד,
נור שווער פון לעבען זיין צושיידט.

ביז יונג, אָ, יונג!... האָסטו געוואוסט
פון אויפגעוואַכטער יוגענד-לוסט?
אַמאָל?—נור ס'איז שוין לאנג פאַרביי—
ווי האָסט געהאסט, געליעבט געטריי?—
ווי ס'האָט דיין הארץ געשלאָגען שנעל
ביים זעהן די זון אויפשיינען העל,
באַטראַכטענדיג פון טורם הויך
דאָס פעלד, וואָס שמעקט מיט ריחות ווייך;
וואו ביי דער דורכגעלעכערט וואנד
אַ קינד זיצט פון אַ פרעמדען לאנד
אַ טויב גלייך איינגעדריקט און מילד,
צושראָקען פון דעם שטורם ווילד?
דיך רייצט ניט מעהר די וועלט אַזוי,
אַהן יאָהרען ביזטו שוואַך און גרוי,
און די פאַרלאַנגען — אויסגעוועבט.
האָסט, אַלטער, פריהער דאָך געלעבט!
האָסט וואָס צו לאָזען אויף דער וועלט
און איך וואָלט לעבען ערשט געוועלט!

---

VI

ווילסט וויסען, וואָס כ'האָב אויף דער פריי
געזעהן? — די פעלדער ווי אין מאי!
די בערג ווי מיט אַ קרוין באַדעקט
פון בוימער הויך צום רוים געשטרעקט,
וואָס פרעהליך רוישען זיי אזוי,
ווי ברידער אין אַ טאַנץ געדרעה.
און פעלזען דונקעל ווי דער תהום,
ווען זיי האָט אָבגעטיילט דער שטראָם,

און זייער טרוים האָב איך געוואוסט:
ס'האָט גאָט ענטפּלעקט עס אין מיין ברוסט!
מיד אויסגעשטרעקטע ווי מיט גלוסט
אין לופט די שטיינער־אָרימס לאַנג,
ערוואַרטענדיג דאָרט ווערען לאַנג;
נור ס'לויפען טעג און יאָהר אָהן צאָהל —
און נישט באַגעגענט זיך קיין מאָל!
כ'האָב בערגער־שפּיצען דאָרט געזעהן,
ווי וואונדער־טרוימען אויסגעזעהן,
ווען אין באַגינענדיגער שעה
זיך רויכער'ן אין הימעל־בלאָה
ווי אַנ'אַלטאַר מיט לייכטען רויך,—
אַ וואָלקען נאָך אַ וואָלקען הויך
דעם נאַכט־לעגער פאַרלאָזענדיג,
געהיים צום מזרח לויפענדיג,
ווי מחנות ווייסע פויגלען יאָגט
פון ווייטע לענדער אָנגעטראָגט.
ס'האָט דורך דעם נעבעל מיך געלאָקט
אין שנייאיג ברענענדען עקסטאַז
דער גרויער מעכטיגער קאַווקאַז!
און ס'איז געווען מיר אַזוי גוט,
דאָס האַרץ האָט לייכטער אָבגערוהט,
ס'האָט מיר גערעדט געהיים אַ קול,
אַז איך האָב דאָ געלעבט אַמאָל,
און דאָס פאַרגאַנגענע פון לאַנג
האָט קלאָהר ערוואַכט אין מיין געדאַנק...

---

## VII

כ'האָב מיך אָן פאָטערס הויז דערמאָנט,
און אונזער הייהל, ארום דאָרט נאָהנט
אין שאָטען שטיבעליך צוזייהט;
ס'האָט זיך אין פארנאכט־לופט געשפרייט!
דער פרעהליך רויש פון דעם טאָבון,
וואָס איילט אַהיים גלייך מיט דער זון,
און אַ באַקאַנט געביל פון וויים. —
ביגעדענק די אלטע דארע לייט
דאָרט זיצענדיג מיט וויכטיגקייט
אין נעכט מיט לבנה'דיגען שיין
ענטקעגען הויז פון פאָטער מיין;
די העלע גלאַנצענדיגע שייד
פון די קינזשאַלען לאַנגע... ס'וועהט
גלייך ווי אַנ'אונרוהיגער טרוים
פאר מיר דאָ פלוצלונג דורך מיין הוים.
מיין פאָטער? — אָט אַנטקעגען שטעהט
געקליידט אין אַ מלחמה־קלייד,
מיט ביקס, און פאנצער־קלאַנג, פול קריעג,
מיט שטאָלץ און אונבאַזיגטען בליק;
און מיינע יונגע שוועסטער אויך...
די אויגען קוקען ליעב און ווייך,
כ'הער זייער זינגען און די רייד
פארוויגענדיג מיר שטילערהייד...
אַ קוואל מיין הייל האָט דורכגעקרייצט,
ניט טיף געווען, מיט רויש געפלייצט;
און צו זיין גאָלדען זאמד אַליין
פלעג איך דאָרט שפּיעלען שטענדיג געהן,

און נאָך די שוואלבען נאָכגעקוקט,
זיי האָבען פרעהליכע געטוקט
אין וואסער זיך פאַר רעגען־צייט,
דערנאָך אוועקגעפלויגען ווייט.
ביי נאַכט לעם אונזער רוהיג הויז,
ארום א פייער העל און גרוים,
געשיכטען לאַנגע הערט מען אוים
ווי ס'האָט דער מענש אמאָל פאַרבראכט,
ווען ס'האָט די וועלט פארמאָגט מעהר פראכט!

---

VIII

וואָס כ'האָב געטהאָן דאָרט אויף דער פריי?
געלעבט!—נור ס'וואָלט מיין וועלט פאַרביי
פאַר מיר אָהן גליק און ליכט אוועק,
ווי דיינע אַלטע גרויע טעג.
אַמאָל, אַמאָל נאָך האָב פאַרקלעהרט—
די ווייטע פעלדער זעהן באַגערט;
דערגעהן, ווי שעהן עס איז די ערד;
פאַר פרייהייט, צי פאַר תפיסה־צעלט
געבראכט מיר ווערען אויף דער וועלט?—
און אין דער שטורם פינסטערער נאַכט,
ווען אייך אנ'אימה האָט באַוואַכט —
די שטורם־לאַקענדע געפאהר,
ווען איהר אין מחנות ביים אַלטאַר
דערשלאָג'נע האָט אויף דר'ערד געקניהט,
בין איך עס דאן מיט שטילע טריט
ענטלאָפען!—כ'וואָלט מיט פרייד, ווען כ'קען

אַ ברודער גלייך אַרומנעהמען
דעם שטורם! — און זיין בליק דערזעהן!
האָב נאָך די וואָלקענס נאָכגעבליקט,
אין פויסט די בליצען איינגעדריקט...
אַ, זאָג מיר, אין די גרויע ווענד
מיט וואָס פאַרבייטען וואָלסט געקענט
די קורצע פריינדשאַפט פול מיט פרייד, —
מיין הארץ און שטורם זאָלבע־צווייט?...

---

IX

געלאָפען לאנג, — נור וואו? וואוהין?
אין חשך ניט געוואוסט וואו כ'בין,
קיין שטערן האָט מיין וועג באַלויכט.
מיין מיעדע ברוסט האָט איינגעהויכט
די פרישע וואַלד־לופט אין דער נאַכט,
האָט גרינגער, פולער אויפגעוואכט;
און בין געפלויגען וואו אַהן ברעג,
ביז איינגעמיעדט האָט מיך דער וועג,
אויף הויכען גראָז געלייגט זיך מיעד;
זיך צוגעהערט, צי יאָגט ווער ניט;
שוין נאָכ־ן שטורם. ליכט אַ פּאַס
דורכזיכטיג ציהט זיך לאַנג און בלאס
פון פינסטער הימעל און אויף דר'ערד,
וואו כ'האָב באַמערקט דאָרט אונגעשטערט
די בערג, ווי אויסגעמאָלט אויף זייד,
ווי ציינער־שפּיצען אין דער ווייט.
בין שטיל געלעגען אויף דער ערד,

האָב אַ שאקאל געוויין געהערט,
וואָס ערגיץ אין אַ הייל זיך טראָגט,
און ווי אַ קינד האָט ער געקלאָגט.
דורך שטיין האָט זיך אַ שלאַנג געגליטשט,
און מיט איהר גלאַנציג פעל געבליצט;
נור מעהר קיין שרעק באַהערשט האָט מיר;
כ'האָב אויסגעזעהן אויך ווי אַ טיער
פון מענשען אָבגעשיידט פון לאַנג,
און אומגעפויזעט ווי אַ שלאַנג.

---

X

ס'האָט אונטען טיף דער קוואל געברויזט,
און פון דעם שטורם מעהר געררושט,
ער האָט ווי שטימען טויזענדער
אין לופט געקלונגען בייז און שווער.
אָהן ווערטער דאָך איז מיר די רייד
געוועזען קלאָהר ווי אַ באַשייד,
דער אויביגער פראָטעסט און קריג
דאָרט מיט די שטיינער פיהרענדיג.
אָט ווערט עס רוהיג, אָט — אויף ס'נייַ
ווערט שטאַרקער נאָך די רוישערייַ,
וואָס אין דער שטילקייט הילכט און קלינגט.
אָט אין דער נעבעל-הויך צוזינגט
אַ מחנה פויגעל זיך אין כאָר;
דער מזרח גילדט זיך און ווערט קלאָהר;
עס אטעמען די בלומען לייכט,
אַ ווינטעל וויגט די בלעטער פייכט;

ווי זיי דעם מאָרגען וואַרטען אָב,
האָב איך אויך אויסגעגלייכט מיין קאָפּ...
געקוקט ; בין מודה דאָן מיין שרעק,
וואָס האָט באַהערשט מיך ; ביי דעם ברעג
פון אָבגרונד האָב איך זיך דערזעהן,
ער האָט געדווישט און בייז געווען ;
די סקאַלען־טרעפּ צו איהם געפיהרט,
וואו בלויז דער טייוועל האָט באַריהרט,
ווען פון דער הימעל־הויך איז ער
באַשטראָפט צו פאַלען דאָ אַהער.

---

XI

דער געטליך סאָד — ארום געבליהט ;
אויף די געוויקס — נאָך העל געגליהט
די הימעל־טרער, דער יונגער טוי,
וואָס האָט געגלעט דעם אויג אזוי.
דער וויינריב האָט זיך איינגעדרעהט
ארום די בוימער שטילערהייד.
דער פולער וויינטרויב־בונט האָט זיך
געוויגט ווי שווערע אויריגגליך,
אָפט צוגעצויגען צו זיך האָט
אַ שרעקיג פויגעל קאַראַהאָד.—
כ'האָב זיך אויף ס'ניי געלעגט צו דר'ערד,
האָב ווידער שטיל זיך צוגעהערט
צום מאָדנעם וואונדער־קלאַנג אין רוים,
וואָס האָט געטראָגען זיך געהיים,
ווי אַ געשפרעך פון קוסט צו קוסט
פון הימעל־סודות אונבאַוואוסט ;

און אַלע קלאַנגען פון נאַטור
דאַן האָבען אויפגעמישט זיך; — נור
עס האָט די גרויסע פייערקייט
דער שטאָלצער מענש-קול אויסגעמיידט.
אַלץ, וואָס כ'האָב דאמאָלסט איבערלעבט
שוין לאַנג, שוין לאַנג פון מיר פארשוועבט,—
ווען ס'קען אויף ס'ניי דאָס אַלץ געשעהן,
האָטש אין געדאַנק עס ווידער זעהן!
דער רוים אין יענער מאָרגען-שעה
געוועזען ריין אזוי, און בלאָה,
אז ווער עס וואָלט זיך נור באַמיהט
באמערקט וואָלט די מלאכים-טריט;
אזוי געווען איז דורכזיכטיג!
כ'בין מיט'ן הארץ און מיט'ן בליק
פארזונקען דאָרט; נור פלוצלונג האָט
די מיטאָג-זון זיך ווילד צובראָט,
און די געדאַנקען מיר פארבלענדט,
אַ וואסער-דורשט אין מיר צוברענט.

---

XII

דאַן האָב געלאָזט זיך פון דער הויך
צום שטראָם אראָב, און אַן אַ שטרויך
זיך צוגעהאלטען, — מיט די פיס
געהיפּט, געשפּרונגען ווי ניט איז.
און ס'האָט זיך ווען ניט ווען אַ שטיין
אראָבגעקייקעלט דורך מיין געהן,

צושפרייטענדיג אַ שטויב נאָך זיך;
דער שטיין — זיך קייקלענדיג אויף גיך
האָט אָבגעהילכט זיין לעצטען פאַל,
פארשלונגען פון אַ רוישיג וואַל.
און איך בין אויף דעם אָבגרונד־מויל
געהאַנגען, דאָך אָהן שרעק, און גרויל, —
אַ, יוגענד, שטאַרק ביזטו און גרויס,
דער טויט קוקט דיר ניט שרעקליך אויס! —
ווי נור כ'האָב זיך פון שאַרפען באַרג
אראָבגעלאָזט, האָט אויף מיר שטאַרק
אַ יאָג געטהאָן מיט פרישען קוואַל,
און איך בין דורשטיג צו דער וואַל
קוים צוגעפאַלען... מיט אַמאָל
כ'הער לייכטע טריט אַ פרעמדער קול...
פארבאָרגענדיג זיך אין אַ קוסט,
צומישט פון מורא אונבאַוואוסט
האָב אָנגעשטריינגט מיין בליק אין ווייט,
זיך צוגעהערט מיט גיריגקייט:
און דער גרוזינקעס יונגער קול
קלינגט נעהנטער, נעהנטער אַלע מאָל.
מיט וויפיעל איינפאַכקייט און ברען,
פול לעבען, ווי זי וואָלט געווען
נור צוגעוועהנט אויסזינגען הויך
בלויז נעמען צערטליכע און ווייך;
דאָס איז געווען אַנ'איינפאַך ליעד,
וואָס האָט פארחאַפּט מיך דעם געמיטה,
און ווי אין נעבעל מיר דאָס קלינגט,
גלייך ווי אַ גייסט פאַר מיר דאָס זינגט.

---

## XIII

אַ קרוג געהאַלטען אויף איהר קאָפּ,
איז די גרוזינקע זיך אַראָב
פון בארג-שפּיץ מיט אַ שמאָלען שטעג,
וואָס האָט געפיהרט אַראָב צום ברעג,
אָפט אויסגעגליצט זיך אָן אַ שטיין,
אַבלאַכענדיג פון זיך אַליין
פאר איהר פאַרטראַכטען, שלעכטען געהן.
איהר קלייד האָט אָרים אויסגעבליקט;
זי איז געגאַנגען גרינג, ענטציקט,
דעם שאַרף פאַרוואָרפען אויף צוריק,
זיך אויף איהר שולטער וויגענדיג.
די זומער-היצען האָבען מיט
אַ גאָלדען רויטליכקייט באַגליהט
איהר ברוסט און פנים; ס'האָט געוועהט
אַ היץ פון איהרע ליפען רויט.
איהר אויגען-שוואַרצקייט — טיעף אַזוי,
מיט וויפיעל ליעבע-צאַרט אין זיי
אַז ס'האָט צומישט זיך מיין געדאַנק.
כ'געדענק נאָך פון דעם קרוג דעם קלאַנג,
ווען ס'האָט דער שטראָם אין איהם געפליסט,—
אַ שאָרך אין לופט... און מעהרער נישט.
ווען כ'האָב אויף ס'ניי זיך אויפגעכאַפּט,
האָט האַרץ — שוין רוהיגער געקלאַפּט,
האָב איך פון ווייט זי שוין געזעהן;
איהר גאַנג איז שטיל און לייכט געווען,
שלאַנק אונטער לאַסט די טריט געשטעלט,
אַ טאָפּאָל-בוים — דער האַרר פון פעלד!...

אין קיהלער פינסטערניש האָט מיך
געדאכט: צוויי פעלזען האָבען זיך
צונויפגעגאָסען דאָרט אין איין,
געהאַלזט ווי פריינד געבליבען שטעהן;
און אויף אַ פלאַכע הייזעל קליין
האָט זיך אַ רויך געצויגען ריין,
און כ׳זעה דאָס לעבעדיג פאַר מיר,
ווי ס׳עפענט אויף זיך שטיל אַ טהיר,
און מאַכט זיך ווידער דאָרטען צו...
איך וויים, אַז ניט פאַרשטעהן וועסטו
מיין טרויער וואָס אין הארצען קלעמט,
און בעסער, אַז דיר איז דאָס פרעמד,
זאָל דער עררינערונגס-געפיהל
מיט מיר צוזאַמען אויסגעהן שטיל.

---

XIV

מיעד פון דער נאכט האָב איך זיך קוים
געלעגט אין שאָטען — און אַ טרוים
די אויגען האָט ניט ווילענדיג
פארמאכט מיר... און איך האָב צוריק
דער יונג גרוזינקעס בילד דערזעהן.
מיט אַ זיס פיינענדיגען ברען
אויף ס׳ניי מיין הארץ האָט אויפגעגליהט.
האָב לאַנג זיך אַבזיפצען געמיהט, —
און האָב ערוואכט; ס׳האָט אויבען שוין
געלייכט די לבנה. און אַליין,
נאָך איהר געיגנב׳עט האָט זיך שטיל
ווי נאָך אַ רויב, אַ וואָלקענדיל

די אָרימס גיריגע צושפּרייט:
ס'האָט אַלץ געשוויגען שטומערהייד;
בלויז ווי אַ זילבער פּערל-קראַנץ
די בערג-קייט מיט איהר שנייאיג גלאַנץ
פאַר מיר אין ווייט האָט זיך געבליצט;
יע, ס'האָט אין ברעג דער שטראָם געשפּריצט
ס'האָט אַ באַקאַנטער פייערדיל
זיך אין אַ וואַל געלאָשען שטיל...
אַזוי אין מיטען נאַכט פאַרגעהט
אַ העלער שטערן באַנגערהייד.
איך האָב געטראַכט... נור דאָרטען געהן
האָב נישט געוואגט. כ'זעה פאַר מיר שטעהן
איין ציעל: אין פאָטער-לאַנד צוריק.
איך האָב דעם הונגער ליידענדיג
פאַרטראָגען. מיט דעם גלייכען וועג
בין שטום און ציטעריג אַוועק.
נור כ'האָב פון אויג פאַרלאָרען באַלד
די בערג, אין דעם געדיכטען וואַלד,
און אָבצושלאָגען דאַן האָב איך
פון גלייכען וועג גענומען זיך.

---

## XV

אומזיסט האָב איך צורייצטערהייד
געפליקט די דערנער, וואָס פאַרדרעהט
מיט ווילדען, שאַרפען פלושטש געוועזן;
אַרום — אַלץ וואַלד האָט זיך געזעהן.
געדיכט, אונענדליך טיעף — האָט ער

נאָך אויסגעקוקט אלץ שרעקליכער.
מיליאָנען אויגעדיג געוואַכט
פון יעדען קוסט האָט שווארץ די נאַכט...
פאַרדרעהט האָט זיך מיר שוואַך דער קאָפּ,
און כ'שלאָג זיך אָן די בוימער אָב;
אַפילו שוין ביים הימעל-ראַנד
שפּיצט וואַלד און וואלד זיך נאָכאַנאַנד;
צו דריערד בין צוגעפאלען מיעד,
מיט אַ פאַרצווייפעלטען געמיטה
האָב זיך צויאָמערט; און כ'האָב בייז
די ערד געביסען, טרעהרען הייס —
ווי טוי גערונען שטיל אויף איהר...
קיין הילף פאַרלאַנגט... דאָס שווער איך דיר.
די וועלט — גלייך ווי אַ ווילדע טיער —
געוועזען פרעמד איז זי פאַר מיר.
און כ'שווער דיר, ווען ס'וואָלט איין געשריי
פאַרראַטען מיך, וואָלט איך אזוי —
גלייך אויסגעפליקט מיין צונג מיט וועה!

---

XVI

געדענקסט נאָך מיר אלס קינד אַמאָל,
פון טרעהרען נישט געוואוסט קיין מאָל;
איצט האָב צעווייגט זיך אויפ'ן קול.
ס'האָט בלויז געזעהן דער דונקלער וואַלד
אויך דער לבנה'ס העל געשטאַלט!
אין איהרע שטראַהלען איינגעהילט
האָט זיך פאַר מיר געצויגען ווילד

דאָס ברייטע פעלד, ווי מיט אַ וואנד
באַדעקט מיט הויכען מאָך און זאַמד.
ס'האָט זיך אַ שאָטען דורכגעגליצט,
צוויי פייער־פונקען שנעל פאַרבליצט...
דערנאָך האָט זיך אַ מאָדנע טיער
פון וואו אַ שלייך געטהאָן פאַר מיר,
האָט מיט איין שפרונג זיך אויסגעבויגט,
זיך שפּיעלענדיג אויף דר'ערד געלייגט.
דאָס איז דער מדבר־גאַסט געווען,
דעם שטאַרקען באַרס האָב איך דערזעהן!
ער האָט אַ גרויסע רויע ביין
געגריזשעט פרעהליך מיט די צייהן;
האָט שפּיעלענדיג דעם עק געדרעהט,
פון בלוט — די בליקען זיינע רויט
האָט צו דער לבנה אָנגעשטרענגט,
איהר ליכט זיין קערפּער האָט באַשפּרענגט,
און ס'האָט זיך אויף זיין האָריג פעל
אַ זילבער ליכט געגאָסען העל.
ערוואַרטענדיג אַ שלאַכט האָב איך
אַ ווילדען צווייג געהאַפּט אויף גיך
און אין מיין האַרץ צוברענט האָט זיך
אַ דורשט נאָך בלוט און הייסען שטרייט...
אַ, יאַ, עס האָט מיר אָנגעדייט
אנ'אנדער וועג די שיקזאַל האַנד;
און איך וואָלט אין מיין פאָטערלאַנד
דאָרט פון די לעצטע ניט געווען,
ווען ס'וואָלט דאן ניט אזוי געשעהן!

---

## XVII

איך האָב געוואַרט... אין נאַכט פאַרהילט
האָט ער זיין פיינד לעם זיך דערפיהלט,
און אַ צוצוויגענער געשריי
גלייך ווי אַ זיפץ פון טיפען וועה
אין לופט האָט פּלוצלונג זיך דערהערט...
ער האָט פאַר כעס געפליקט די ערד.
און אָט שטעלט ער זיך דובאָם אויף,
דאָ פאַלט ער פּלוצלונג אין זיין לויף,
זיין ערשטער ווילדער שפרונג מיך האָט
מיט טויט מיט שרעקליכען געדראָהט...
נור איך — פאַרחאַפּט האָב אויפ'ן שטעל:
מיין קלאַפּ געוועזן איז גוט און שנעל,
מיין האַלץ איז ווי אַ האַק אַראַב
צושפּאַלטענדיג אויף צוויי זיין קאָפּ...
ער האָט אַ קרעכץ געטהאָן פאַרשטיקט,
האָט ווי אַ מענש מיך אָנגעבליקט,
און איבערקעהרט זיך; די מינוט, —
חאָטש ס'האָט פון וואונד געשטראָמט דאָס בלוט
ווי פון אַ וואַל — האָט ער באַנייט
אויף לעבען און אויף טויט דעם שטרייט!

---

## XVIII

האָט אויף מיין ברוסט געוואָרפען זיך;
נור כ'האָב אין האַלז ביי איהם אויף גיך
פאַרכאַפּט אַ שטאָך טהאָן מיין געוועהר...
עס אויסגעדרעהט צוויי מאָל... און ער

האָט זיך געריסען מיט געשריי,
געראַנגעלט זיך מיט מיר אזוי,
און מיר — ארומגענומען צוויי
ווי בייזע שלאַנגען איינגעדרעהט,
ווי ברידער שטארקער — שטומערהייד
אין פינסטערניש געפאַלען שווער,
ס'האָט דער געשלעג צוברענט זיך מעהר!
כ'האָב דאַמאָלסט שרעקליך אויסגעזעהן;
בייז ווי דער ווילדער בארס געוועזן,
געברענט פון היץ, ווי ער געברומט.
גלייך ווי מיין אָבשטאַמונג אויך קומט
פון אָט דער באַרס און וואָלף-געזינד,
וואָס אויביג זיך אין וואלד געפינט.
און כ'האָב פאַרגעסען מענשען רייד,
ס'האָט אין מיין האַרץ נאָך קליינערהייד
זיך איינגעבוירען גלייך מיט מיר
שוין דער געשריי פון אָט דער טיער...
נור ס'האָט דער פיינד אלץ מעהר און מעהר
זיך אָבגעשוואַכט, געאטהעמט שווער,
דעם לעצטען מאָל מיך צוגעדריקט...
און ווילד און בייז מיך אָנגעבליקט,
דערנאָך פאַרמאַכט אויף אויביג שוין
די אויגען זיינע ביים פאַרגעהן;
נור פון אַ שטאַרקען פיינד איז ער
געפאַלען טויט פאַרביסען, שווער,
ווי אין אַ שלאַכט אַנ'אמת'ער!...

---

## XIX

דו זעהסט, אַט אויפֿין האַרץ ביי מיר
די נעגעל־צייכענס אָהן אַ שיער,
נאָך ניט פֿארהיילטע זענען זיי,
די רויע ערד וועט זייער וועה
איינשטילען; און ס'וועט לינד און גרינג
דער טויט פֿארהיילען דאָרט אַלצדינג.
נור ניט געטראַכט פֿון דעם האָב איך,
מיט לעצטע כוחות האָב איך זיך
אין טיפֿען וואלד דערשלעפּט אזוי...
און כ'האָב דאָרט אין מיין גרויסען וועה
זיך מיט מיין מזל אויסגערעדט,
וואָס ער האָט מיר אזוי פֿאַרשפּעט!...

---

## XX

איך בין פֿון וואלד ארויס, און באַלד
האָט זיך דער נייער טאָג צושטראַהלט,
און אין זיין ליכט דער שטערען־שפּיעל
האָט זיך צוזייהט, צורונען שטיל.
דער וואַלד, אין נעבעל איינגעהילט
האָט מיט די צווייגען זיך צושפּיעלט.
ס'האָט זיך גערויכערט פֿון דער ווייט
דער קליינער דאָרף. פֿון יענער זייט
אַ מאָדנער רויש האָט מיט'ן ווינד
זיך דורכגעיאָגט אויף דר'ערד געשווינד...
און כ'האָב זיך צוגעהערט אַרום;

נור באַלד איז אַלץ געוואָרען שטום.
כ'האָב אומגעקוקט זיך אומעטום:
יענס לאַנד באַקאַנט איז מיר געווען.
איך ציטער אויף. וואָס איז געשעהן?
אויף ס'ניי מיין טורמע האָב דערזעהן;—
וואָס כ'האָב מיט צערטליכקייט ביז איצט
אַזוי געהיים אין זיך באַשיצט,
געליטען און פאַר דעם געשטרייט,
פאַרוואָס? — אַז כ'זאָל אין בליהונגס-צייט
פון מיינע טעג, — דערזעהענדיג
גאָט'ס גרויסע וועלט ערשט פאַר מיין בליק;
די פרייהייט הייליגע האָב איך
דערקאַנט איז וואַלדס ערוואַכען זיך,—
זאָל איצט מיט מיר אין גרוב אַלץ געהן.
מיין היים-וועה אַזוי הייליג ריין,
די אָבגענאַרטע האָפנונג ווייט,
אויף אייער מיאוסע מיטליידסקייט!...
איין צווייפעל האָט פאַרחאַפּט מיך שווער:
דאָס איז אַ שרעקליך טרוים ניט מעהר...
און פּלוצלונג גלאָקען קלאַנג איך הער
זיך ציהען פון דער ווייטער בלוי —
און דאָ ווערט אַלץ מיר קלאָהר אַזוי!...
אָ, כ'האָב דערקאַנט איהם, יענעם קלאַנג!
נאָך אין די קינדער יאָהרען, לאַנג,
האָט ער פאַריאָגט שוין ניט איינמאָל
די יוגענד-טרוימען מיט זיין קול:
פון נאָהנטע פריינד די ליעבע פרייד,
פון פרייע סטעפּען אויסגעשפּרייט,
פון ווילדע פערד צורייצטערהייד,

פון וואונדער-שלאַכטען אָהן אַ צאָהל,
וואו איך באַזיגט האָב אַלע מאָל!...
און כ'האָב געהערט אָהן טרעהרען, לאַנג,
מיך האָט געדוכט, אַז יענער קלאַנג
געהט פון מיין האַרצען טיף ארויס,
ווי ווער געגעבען האָט אַ שטויס
מיך מיט אַנ'אייזען אין מיין ברוסט.
און כ'האָב אונקלאָהר שוין דאַן געוואוסט,
אַז צו מיין היים וועל קיינמאָל ניט
שוין זעהן זיך שפּרייטען מיינע טריט.

---

XXI

כ'בין ווערט די שווערע שיקזאַל-קלעפּ!
דער שטאַרקער פערד אין פרעמדען סטעפּ,
וואָס האָט אראָבגעשליידערט פלינק
דעם שלעכטען רייטער, — ער וועט גרינג
געפינען דורך דער פרייער שטרעק
זיין שנעלען, קורצען היימאַט-וועג...
וואָס בין איך קעגען איהם? — אומזיסט
פול מיט פאַרלאַנג מיין זעלע פליסט!
דאָס איז אַ שוואַכער פוסטער ברען,
אַ קראַנקער טרוימען-שפּיעל געווען.
זיין זיגעל האָט ארויפגעשטעלט
אויף מיר דער פינסט'רער תפיסה-צעלט...
אַזוי איז דאָס געפענגניש-בלום
איז אויסגעוואַקסען איינזאַם, שטום,
אַ בלייכער אין די גרויע ווענד;
און ס'האָבען לאַנג זיך ניט געקענט

די בלעטער צונעהמען; ער האָט
געוואָרט אויף זון־שטראַהלען פון גאָט;
און טעג — געפלאָסען נאָכאַנאַנד,
ביז וואַנען ס'האָט אַ גוטע האַנד
זיך צוגעריהרט צום בלום מיט לייד,
געבראַכט איהם אין אַ גאָרטען־בייט,
איהם נאָהנט פון רויזען איינגעפלאַנצט,
אַרום — האָט לעבענס־פרייד געגלאַנצט!...
נור ווי ס'האָט זיך די זון צוברענט,
גלייך האָט איהר הייסער שטראַהל פאַרלענדט
דעם בלום, — וואָס פון די תפיסה־וועגד..

XXII

און ווי דעם בלום, אַזוי האָט מיר
געברענט דער טאָג־פלאַם אָהן אַ שיעור,
און כ'האָב אומזיסט אין טיפען גראָז
מיין מיעדען קאָפּ אַראָבגעלאָזט:
אַ טרוקנער בלאַט האָט צוגעריהרט
שטיל צו מיין קאָפּ זיך און באַציהרט
מיין שטערען מיט זיין דאָרען־קרוין,
מיט איהר זיך אויפגעמישט אין איין;
איהר פייער האָט די ערד אליין
אַריינגעהויכט מיר אין געזיכט;
אין לופט — געשוועבט אַ פונקען־ליכט,
און האָט זיך שנעל אין רוים געדרעהט,
ס'האָט פון די פעלזען שטיל געוועהט
אַ ווייסע פּאַרע; און עס שטעהט

גאַנץ וועלט, פון טויבקייט אָהן אַ סוף,
פארזונקען אין אַ האַרטען שלאָף.
וואָלט האָטש אַ שרײַ־טהון אַ קראַסטעל,
דערהערען וואו אַ שפּרינגער־טרעל
צו גאָר אַ לעבעדיגע וועל
פון קוואַל צורײַדען זאָל זיך העל...
אַ שלאַנג נור מיט איהר טרוקנעם רויש
האָט וואו געצויגען איהר געפויזש,
פון ווייט איהר געלער רוקען בליצט,
גלייך ווי מיט גאָלד־ווערטער געקריצט
וואָלט ער געוועזן ביז סאַמע ברעג;
זי האָט געשניטען מיט איהר עק
זיגזאַגען פאַרזיכטיג אין זאַמד,
און זיך געצערטעלט נאכאַנאַנד.
אָט האָט זי שפּיעלענדיגערהייד
זיך אין אַ דריי־רינג איינגעדרעהט.
און פּלוצלונג, ווי פון היץ געשטערט
האָט זי געצאַפּעלט זיך אויף דר'ערד,
און אין אַ קוסט פארשוואונדען ווערט!

---

## XXIII

אין רוים געוועזן איז ליכטיג, שטיל.
עס האָבען אין אַ נעבעל־היל
פון ווייט געשוואַרצט זיך בערגער צוויי.
דער מאָנאַסטיר האָט צווישען זיי
געבלאַנקט זיך ווי א ציינער־וואַנד.
און ס'האָבען מיט א זילבער־ראַנד

קוראַ, אַראַגווע שטיל געזוימט
די פרישע אינזלען־ערד פערטרוימט,
און אויף די שטרויכען זענען זיי
געלאָפען פרעהליכע אזוי...
דאָס אלץ — ניט אָנגעריהרט האָט מיך!
געוואָלט האָב אויפשטעהן, — נור ס׳האָט זיך
א שווינד־געטהאָן אלץ מיט אַמאָל;
געוואָלט האָב שרייען — נור מיין קול
געוואָרען איז אהן קלאַנג פארשטיקט.
א וואנזין־היץ האָט מיך געדריקט.
ס׳האָט מיך געדאכט, איך ליג זיך גלייך
ווי אויף אַ טיפען גרונד פון טייך.
און ס׳האָט געהערשט ארום אין תהום
אַ שטילע פינסטערניש געהיים.
די אייביג דורשטענדיגע קוועל
אַנ׳אייזיג קאַלטע, ליכטיג־העל,
האָט אין א רוישענדיגען שפיעל
זיך אויף מיין האַרץ געגאָסען קיהל.
מיך האָט געשראָקען דער געפיהל
פון איינצושלאָפען. — אזוי שטיל
און ליעב איז דאמאלסט מיר געווען...
אריבער מיר האָב איך געזעהן,
ווי ס׳שטויסט זיך אַ וואַל זיך אויף אַ וואַל,
ווי ס׳האָט זיך דורך דעם טייך־קריסטאַל,
נאָך שעהנער פון דער לבנה־שפיעל,
די זון געשפיגעלט דאַמאָלסט שטיל,
און פישלאך פאַרביגע אַ קראַנץ
געשפיעלט זיך האָבען אין איהר גלאַנץ.
און ס׳איז איין פישעל דאָרט געווען,

וואָס האָט מיר ליעבער אויסגעזעהן,
האָט פריינדליכער אויף מיר געבליקט.
איהר רוקען, — ווי פון גאָלד געשטיקט
געוועזן מיט שופּען אויסגעשפּרייט;
ניט איינמאָל האָט זי זיך געדרעהט
ארום מיין קאָפּ. געוועזן איהר בליק
פון גרינעם אויג, — צארט-טרויעריג,
און שטיל און טיעף אזוי געברענט...
איהר זילבער שטימע האָט געגלעט,
האָט מאָדנע ווערטער מיר גערעדט,
געזונגען, און אָט — אויפגעהערט;
און כ'האָב איהר ריידען קלאהר דערהערט:

„אָ ליעבע קינד, מיט מיר דאָ זיי,
פארבלייבען דאָ זאָג צו:
אין וואסער לעבט זיך אזוי פריי —
אי קאַלט איז דאָ, אי רוה.

כ'וועל אויפרופען די שוועסטערליך!
פון אונזער טאַנץ-געדרעה
דיין אומעט וועט צושטרייען זיך,
דיין מיעדקייט און דיין וועה.

שלאָף איין! דיין בעט — ווייך אויסגעבעט,
און דורכזיכטיג דיין דעק!
און יאָהרען, אייביגקייט — אלץ וועט
אין וואונדער-טרוים אַוועק.

אָ ליעבער! ניט באהאלטען כ'וועל
די ליעבע מיין צו דיר,
איך ליעב דיך, ווי אַ פרייע וועל,
ווי ס'לעבען ליעב איז מיר"...

און איינגעהערט האָב איך זיך לאַנג;
מיר האָט געדאַכט, דער וואַל־געקלאַנג
האָט מיט דער גאָלדנער פישעל'ס רייד
צונויפגעמישט זיך שטילערהייד.
דער וואהנזין אבגעלאָזט האָט באַלד
מיין קערפּער צו דער אָהנמאַכט, קאַלט...

---

## XXIV

אזוי האָט מען געפונען מיר....
דאָס איבריגע באַוואוסט איז דיר.
געענדיגט. גלויב מיר מיינע רייד,
אויב נים — איז אויך קיין גרויסע לייד
בלויז איין געדאַנק מיין הארץ פארצעהרט:
וואָס ס'וועט נים אויף מיין היימיש ערד
מיין קערפּער קאַלט און שטום פארגעהן,
און דורך די טויבע וועגד פון שטיין
וועט די געשיכטע פון מיין פּיין
פאר אַלעמען אַ פרעמדע זיין.

---

## XXV

געזונד זיי, פאָטער! — גיב דיין האַנד;
און דו — פּיהלסט מיינע ווי אין בראַנד...
נאָך אין מיין יוגענד אונבאוואוסט
האָט שוין דיין פלאַם געגליהט מיין ברוסט;
דאָרט שפּייזען מעהר זיך נים געקענט,

ביז ער זיין תפיסה האָט פארברענט,
און וועט צוריק צו י ע נ ע ם גערן,
ו ו ע ר ס׳גיט צו אַלעמען ווי איין:
ביים לעבען—פּיין, רוה—ביים פאַרגעהן...
נו, וואָס?... אז ס׳וועט מיין זעל זאָל זיין,
אין דעם גן־עדן שוין אריין,
דאָרט הינטער וואָלקען ערגעץ־וואו
אין הייליג־לאַנד געפינען רוה...
אָ, כ׳וואָלט אָט דעם גן־עדן גליק
געשענקט, — כ׳זאָל איין מינוט צוריק
כאָטש זיין, וואו כ׳האָב אלס קינד געשפּיעלט
זיך צווישען שאַרפע פעלזען ווילד...

---

## XXVI

ווען כ׳האַלט ביים לעצטען אָטהעם־קלאַנג,
און ס׳וועט ניט דויערען גאָר לאַנג, —
באַפעהל מיך ברייננגען וואו די צוויי
אַקאַציען שטרויכען וויים אזוי
געבליהט אין גארטען האָבען דאָרט...
די גראזען — הויך אויף יענעם אָרט,
די לופט געשמעקט אזוי אין סאָד,
אין זונענשיין געשפּיעלט זיך האָט,
דער בלאָט דורכזיכטיג, גאָלדיג־העל!
מיך דאָרט אַוועקלעגען באַפעהל.
און מיט דעם בלויען טאָג־שיין וועל
זיך אָנטרינקען צום לעצטען מאָל.
ס׳זעהט דער קאַווקאַז זיך פון דעם טאָל!

קען זיין, אז פון זיין הויך וועט ער
זיין גרוס מיר שיקען דאָ אַהער;
א לעצטען אבשייד וועט ער שטיל
מיר שיקען מיט דעם ווינטעל קיהל...
און פאר מיין ענד וועל איך אויף ס'ניי
אנ'אייגען קול דערהערען פריי!
און ס'וועט מיר דאכטען: עמיץ שטעהט
לעם מיר געבויגען שטילערהייד
א פריינד, צי גאר א ברודער מיין,
ווישט מיט דער האַנד דער צאַרטער זיין
פארזיכטיג אב פון מיין געשטאַלט
דעם שוויים, וואָס פאר'ן אויסגעהן קאַלט.
און כ'הער א שטים מיר זינגען קוים
פון מיין געטרייער לאַנד און היים...
אזוי וועל איך מיט אָט דעם טרוים
איינשלאָפען ווערען שטילערהייד,
און קיינעם שילטען פאר'ן טויט!....



**א. פעט**

(אפאנאסי אפאנאסעוויטש. שענשין).

1820—1892

# באַגינען.

אָ, ניט וועק איהר באַגינען, ניט ריהר,
דאָס מאָלסט שלאָפט אזוי זאנפט זיך און גוט.
דער פריה־מאָרגען ווייך אטהעמט אויף איהר
אין די באק־גריבליך שטראַהלענדיג רוהט.

היים די קישען, וואו ס׳ליגט טיף איהר קאָפּ,
היים דער שלאָף, וואָס האָט מיעד איהר פארוויגט.
א צושאָטענער שווארץ־קרויזער צאָפּ
אויף איהר שולטער און האלז ווייסער ליגט.

זי איז נעכטען ביים פענסטער זיך שטיל
לאנג געזעסען אין נאכט איינגעהילט.
האָט געהיט פון די וואָלקענס דעם שפּיעל,
וואָס די לבנה מיט זיי האָט געשפּיעלט.

און וואָס העלער די לבנה גיסט ליכט,
און וואָס העכער — דעם נאכטיגאל׳ס ליעד,
ווערט אַלץ בלאַסער ביי איהר דאָס געזיכט,
ס׳שלאָגט פון וועהטאָג איהר הארץ שטארק און גליהט.

דריבער ברענט דער פריה־מאָרגען אויף איהר,
אין די באק־גריבליך שטראַהלענדיג רוהט.
אָ, ניט וועק איהר איצט אויף... אָ ניט ריהר...
דאָס מאָלסט שלאָפט אזוי זאנפט זיך און גוט.

* *
*

שטילער מורמעל, העלער נגון
פון דעם נאַכטיגאַל,
זילבער-ליכט און ווייכער וויגען
פון פאַרשלאָפנעם קוואַל.

ליכט און שאָטען איינס זיך האַלטען,
שאָטען אוים און איין;
רייה זיך ביימענדע געשטאַלטען
פון דער ליבע מיין.

וואָלקען-איינגעהילטע בלומען,
אַבגלאַנץ-בערענשטיין,
טרעהרען ווי פון צערטעל שטומען,
און דער זון אויפגעהן!

* *
*

גלייך ווי וואָלקען כוואַליעס
אַ שטויב פון ווייט קומט אָן;
רייטענדיג — צופוסענס,
מען זעהט אין שטויב ניט אָן.

אויף אַ פערד אַ ווילדען
דערזעה איך עמיץ פאָהרט...
פריינד מיין, ווייטער פריינד מיין,
דערמאָהן אָן מיר זיך דאָרט!

* *
*

כ'בין לאנג אומבאַוועגליך געשטאַנען,
מיין בליק וויַיט אין רוים האָט געשוועבט.
און ס'האָט זיך מיט מיר און די שטערן
אַ נאָהנטקייט געהיים אויסגעוועבט.

כ'האָב עפּעס געקלעהרט... נור כ'געדענק ניט...
אַ כאָר האָט געזונגען פון וויַיט;
די שטערן שטיל האָבען געציטערט, —
מיין האַרץ האָט זיי ליעב פון דער צייט.

# אַ שמעטערלינג.

אָ, פרעג מיך ניט פון וואַן איך קום צופליהען,
און וואו איך אייל?
כ'וויל אויף אַ בלום דעם אטהעם נור אַבציהען
און רוה אַ וויל.

ווען איך אויף לאַנג דען אָהן אַ ציעל זיך גרייטען
צי רוהען דאָ?
באַלד, באַלד ווען איך די פליגלען העל צושפרייטען—
און כ'בין ניטאָ!

## מרה שחורה.

שלעכטער וועטער, הערבסט. דו רויכערסט,
רויכערסט... נור ס'האָט אַלץ קיין ווערטה ניט...
וואָלסט געלעזען — נור דאָס לעזען
ציהט זיך פויל, דער אויער הערט ניט...

לאַנגזאַם קריכט דער טאָג דער גרויער, —
אויפ'ן וואנד — דער אלטער זייגער
אָהן אַנ'אויפהער און דערעסליך
פלוידערט, פלוידערט אויף זיין שטייגער.

ס'האַרץ הויבט אָן צו ביסליך קעלטען —
ס'קריכען אין מיין קאָפּ דעם קראַנקען,
זיצענדיג ביים הייסען אויווען,
מאָדנע טומלענדע געדאַנקען.

ביי דעם רויכערדיגען טיי-גלאָז,
וועלכער האַלט שוין ביים אָבקיהלען,
כאַפּ איך, נאָט צו דאַנק, אַ דרימעל
ווי ביי נאַכט — נור פויל אָהן ווילען...

אָבער אומרוהיק, צוטראָגען,
איז דער שלאָף וואָס קומט געצוואונגען —
ווי דער לערנען אַ־בע־צע־דע
וואָלט פון שכנ׳ס הויז געקלונגען...

אָדער, אפשר, ווער קען וויסען —
אין אַ קאַבינעט צי זאַל־וואו,
טאַנצען מייז אום מיט געפּילדער
אין אַ שלעכט פארמאכט ראָיאַל־וואו...

## נאָך אַ שטורם.

ביידע האָבען מיר דונערס דערהערט.
האָט אַ הויך געטהאָן ווארים אויף דר'ערד, —

און ס'איז באלד מיר ארויף אין געדאנק,
ווי האסט נעכטען געמאַטערט אונז לאנג :

ביזט געזעסען אַ בלייכע פארטראַכט,
און דיין הארץ — אויף אַ שלאָס צוגעמאכט.

פלוצלונג שטעלסט זיך אַ נידער פאר מיר,
און דו זאָגסט : קלאָהר איז אַלץ שוין פאר דיר,

אַז דיר איז דער אַמאָל ניט קיין שאָד,
אונז צוזאמען איז ענג יעדער טראָט,

ס'האָט די ליעבע פארלאָרען איהר שטעג,
ווייטער לעבען אזוי — איז אַ שרעק !

אַז דו ווילסט, האָסט באַשלאָסען ! — נור באַלד
האָט אַ פריהלינג פארהילט דיין געשטאַלט,

און פערגעסען דעם כעס, בלייבסטו שטעהן,
ביזט צוגאַנגען אין הייסען געוויין.

# ביהנען.

כ'וועל פון בענקשאַפט און פוילקייט אומקומען, —
ס'איז ניט גוט צו זיין איינזאַם ווי כ'בין;
ס'געהט דאָס האַרץ אוים פון וועהטאָג פון שטומען,
ס'פליהט אין יעטווידען קנאָספ פון די בלומען
שטיל אַריין אַ העל־זינגענדע ביהן.

חאָטש אַרויסגעהן אין פעלד אין דעם ברייטען,
צי פארליערען זיך גאָר אין דעם וואַלד!...
ס'הערט ניט אויף אויף דער פריי מיר צו וועה טהון,
ס'נעהמט אַ פיין זיך אין האַרץ מעהרער שפרייטען,
ווי אין ברוסט הייסע קוילען כ'באַהאַלט...

ניין, וואַרט אויף! כ'וועט צושיידט מיט מיין אומעט —
אין דעם שאָטען די וואלד־בלום שלאָפט איין:
ס'פליהען ווידער דאַ ביהנען אַרומעט,
און איך קאָן ניט פארשטעהן וואו עס זשומעט,
אויף דער בלום, צי אין אויער אין מיין?



**א. ס. ניקיטין**

(איוואן סאוויטש ניקיטין)

1824—1861

* *
*

ס'שיינט אין שויב די לבנה...
ווייט א האָהן צוקרעהט זיך;
און כ'לעש אוים דאָס ליכטעל,
ס'האַרץ פאַר פיין פאַרגעהט זיך.

כ'קען ניט, כ'קען ניט שלאָפען,
ווי געפיינט פון וואונדען.
ס'נאגען האַרץ און מח
די פאַרגאנג'נע שטונדען.

ס'מעג מיר כאָטש אויספאַלען
ארבייט שווערע, שלעכטע,
זאָל דער שלאָף זיין רוהיג,
כ'וויל איין שעה א רעכטע.

זאָג וואָס ווערסטו, לעבען,
מיר אומזיסט צו שלאָגען,
ווערסט אויף גיך פאַרשוואונדען,
ווי א רויך פאַרטראָגען?

ס'איז דאָך אויך דער פויגעל
פרעהליך און אָהן זאָרגען,
ער געפינט פון שטורם
וואו זיך צו פאַרבאָרגען.

און באַגינען זינגט ער —
עמיץ הערט די קלאַנגען;
פרעהליך ווערט דאָס האַרץ זיינס,
ווערט פון גליק צעגאַנגען.

דיר, ווי ס'זאָל ניט שווער זיין,
חשוכ'סט אָב די יאָהרען;
און דו געהסט אום עלענד,
זיך — צו לאַסט געוואָרען.



**א. נ. פּלעשטשעיעװ**

(אלעקסעי נעקאָלאײעװיטש פּלעשטשעיעװ)

1826—1893

# דער אייניקעל.

צו ביזטו, באָבע, אויכ'עט
אַמאָל געוועזען קליין?
האָסט ליעב געהאַט צו לויפען,
נאָך בלומען פלעגסטו געהן?

און האָסט געשפּיעלט אין ליאַלקעס
ווי איך ביז זעהר מאַט;
און וועלכע האָהר האָסט דאַמאָלסט
מיין באָבעניו געהאַט?

אַנו, איך וועל ווי דו זיין,
מיין באָבעניו, אַצינד?
נאָר זאָג, צי קען מען אייביג
ניט זיין אַ קליינע קינד?

* *
*

דו האָסט מיין קינד מיין טרייע
אַ קוּל׳כעל קינדיש רייז.
טאָ הער ניט אויף צו ריידען,
און זאָל מיין האַרץ פול ליידען
שטיל רוהען פון געוויין.

דו לאַכסט מיין קינד מיין טרייע
דאָך אַזוי האַרציג פריי. —
טאָ לאַך מיט טענער ריינע
ווי ס׳לאַכט אַ קינד אַ קליינע,
הייל אוים מיין האַרץ אויף סניי.

דו ווייסט מיין קינד מיין טרייע
פון גוטע ווערטער פיעל. —
כאָטש גלעט מיר אויף צופלייסען
נור כ׳וועל צו דיר זיך רייסען
דערגעגען מיין געפיהל.

# ערוואַרטונג.

ס'זיצט דער זיידע אין דעם שטיבעל
און זיין אַלטען נעץ פאַריכט.
ס'ליגט זיין אייניקעל אין בעטעל
קראַנק, און ס'פיבערט זיין געזיכט.

„שלעכטע וועטערס, שלעכטע וועטערס,
וועט צום רעגנען זיין אַ ברעג?"
פרעגט דער אייניקעל דעם זיידען. —
— יאָ, ס'וועט אויפהערען די טעג.

„וועט די זון אויף סניי נאָך שיינען,
וועט נאָך רוישען ווען דער וואַלד?
וועט דער גראָז אין פעלד זיך וויגען?" —
— יאָ, מיין קינד, שוין באלד, שוין באַלד.

„וועל איך ווידער מיט מיין ווענטקע
גאַנצע טעג זיך כאַפּען פיש
ביי דעם טייך אונטער דעם טאָפּאָל" —
— יאָ, מיין קינד, געווים, געווים...

"אָבער ווען-זשע, האָסט געזאָגט דאָך,
ס'קומט די מאַמע יעדע שעה
דאָ צו מיר פון הויכען הימעל,
און זי איז נאָך אַלץ ניטאָ!"

און דאָס איינגעל ניט צופריעדען
ווערט אַנטשוויגען... און אויף דר׳ערד
זיצט ביי דעם צורִיסינעם פיש־נעץ
שטיל דער אלטער טיף פארקלעהרט.

און אויף זיין צוקנייטשטען פּנים
קייקעלט זיך אַ טרעהר און רינט.
ס׳געהט דער וועהטאָג פון דעם אלטען
איבער צו דעם יונגען קינד.

און עס קלינגט דער יונגער קול־כעל
אומעטיגער און מיט שרעק:
„כ׳וועל דער מאַמען מעהר ניט זעהן שוין,
אויך ניט זעהן קיין װארמע טעג“.

י. פאלאנסקי

# דער וועג.

אַ ווינטער־וועג. דער סטעפּ — אַ וויסטער, שטום.
דער ווינט וויעגט אום די פעלדער מיט זיין יאָגען;
אַנ'אומעט נעהמט ניט ווילענדיג מיך נאָגען,
עס הילט אַ טרויער מיך געהיים אַרום.

ווי ס'לויפען ניט די פערד, אַלץ דאכט מיר, פויל זיי פאָהרען,
און ס'איז פאר מיר אלץ איינס, אַז ס'לויפט די פוהר געשווינד;
אלץ פעלד און פעלד, איך ווער אין סטעפּ פארלאָרען,
וואָס זינגסטו, פורמאַן, ניט קיין ליעדער צינד?

און כ'האָב אַנ'ענטפער באלד פון איהם באַקומען:
„אויף שלעכטע צייטען האַלט איך מיין געזאנג“
—„וואָס פרעהט דיך איצט?—„באלד אין מיין הוים געקומען,
לעם בערגעל ווייזט זיך באַקאַנטער שטאַנג“.

אַנ'אָפּנער הויף, — אַ טיש געגרייט מיט עסען,
און רוה, — אַלץ ווארט דעם פורמאַן אין זיין הויז.
כ'בין מיעד. — איך האָב אַן רוה שוין לאנג פארגעסען,
מען בייט די פערד... די ערשטע שפּאנט מען אויס.

# די טרעפערקע.

— אלטיטשקע, קום זעץ לעם מיר זיך,
כ'האָב שוין לאנג געוואָרט אויף דיר. —
אַ ציגיינערין אין שמאַטעס
איז פאַמעליך צו צו איהר.

„כ'זאָג דיר אוים דעם גאנצען אמת,
בלויז דיין האַנד צו מיר דערלאַנג.
זאָלסט זיך היטען, דיך צו נאַרען
האָט דיין ליעבער אין געדאַנק"...

ס'מיידעל האָט אין פעלד דעם פרייען
אויסגעריסען זיך אַ בלום.
פליקענדיג שטיל יעדעס בלעטעל
האָט זי וואָס געמורמעלט שטום:

— יאָ, ער ליעבט ניט, ניין — ער ליעבט מיך —
אַנ'ארומגעפליקטע קוויט
זאָגט איהר יאָ מיט שטומע ווערטער,
וואָס דאָס הארץ איהרם בלויז פאַרשטעהט.

אויף איהר ליפּ אַ שמייכעל קרויזט זיך,
אין איהר הארץ — אַ שטורם־פּיין,
מיט אַ נאגענדיגען אומעט
זויגט ער אין איהר בליק זיך איין.

און זי רעדט: עס זאָגט דאָס הארץ מיר
פון דיין פאַלשקייט — און איך שווער:
כ'וואָלט פון גאַנצען הארץ פארהאסט דיר,
נור איך קאָן ניט ווען כ'באַקלעהר.

און ער קוקט אַלץ מיט אַנ'אומעט,
נור זיין פּנים — פלאקערט היים,
צו איהר שולטער מיט די ליפּען
פאלט ער צו און רעדט ארוים:

„זאָלסט פאר מיר זיך היטען, היטען,
כ'וועל דיך אומברענגען, איך ווייס. —
ווייל איך ליעב דיר ביז צום וואהנזין,
ווייל איך ליעב דיר אזוי היים!"...

# נ אַ כ ט.

צוליעב וואָס האָב איך ליעב דיר, דו ליכטיגע נאכט?
דאָס אויך ליידענדיג שווער מיר איך טייער ביזטו.
און פאר וואָס האָב איך ליעב דיר אזוי שטילע נאַכט,
דאָס ניט מיר, נור פאר אנדערע שיקסטו דיין רוה?

וואָס מיר שטערן, לבנה און בלוי-הויכען רוים,
יענע ליכט, וואָס שווימט אום אויף דעם קאלטען גראַניט,
וועלכע מאַכט פון דעם בלומען-טוי גאָלדענעם שוים,
און זי שטראָמט אויפ'ן ים מיט דורכזיכטיגע טריט!

נאַכט, פאר וואָס איז מיר טייער דייז זילבערנער שיין?
מאַכט ער זיס אין דיין אויג די באהאלטענע טרעהר?
רוימט ער בשורות אין גיריגען הארצען דיר איין?
צו באשיידט ער דעם רעטניש וואָס מאַטערט דיך שווער?

וואָס מיר דונקלער שיין פון די בערגליך און טאָל,
און דאָס שטורמישע שלאָגען פון פינסטערן תהום.
פון די שפרינגערם ביינאַכט אין דעם גארטען דער קול,
דער הארמאָנישער קלאנג פון דעם הילכיגען שטראָם.

נאַכט, פאר וואָס האָב איך ליעב דיין פארבאָרגענעם קלאנג?
מאַכט ער שטיל אין מיין הארצען דעם שטורם-געפיהל —

מאַכט ער טויב דען אין מיר דעם צובראָכענעם געדאַנק —
ברענסט אין דעמערונג היים, הערסט זיך מעהר אין דער שטיל?

כ׳ווייס אליין ניט פאר וואָס איך האָב ליעב דיר, דו נאכט,
דאָס אויך ליידענדיג שווער מיר אויך טייער ביזטו.
כ׳ווייס אליין ניט פאר וואָס ביזט מיר ליעב אזוי נאַכט...
צו דער פאר וואָס פון מיר זעהר ווייט איז דיין רוה?

# דער ניט געשניטענער בײט.

שפּעט שוין אין אָסיען, אָהן פויגעל די וועלדער,
נאַקעט די בוימער, און ליידיג די פעלדער,

ס׳ליגט אַ שטיק ערד נור, און ווײַס ניט פון שניט...
וועהט אַן אַנ׳אומעטיג באַנגען געמיטה.

כ׳הער ווי די זאַנגען צו זיך שטילע זאָגען:
שווער אונז צו הערען די הערבסט-ווינטען יאָגען,

שווער ביז דער ערד אונז צו בויגען זיך, שווער,
ס׳ווילט זיך ניט באָדען אין שטויב זיך שוין מעהר!

יעטווידער נאַכט מחנות פויגעל אונז טרעטען,
יעטווידער פויגעל מיט אונז וויל זיך זעטען.

ס׳שלאָגט אונז דער שטורם און ס׳טרעט אונז דער האָז,
און אונזער אקערער, וואָס ווארט ער, וואָס?

זענען מיר ערגער פון אַלע געבאָרען,
האָט דען ניט פריינדליך געוויגט זיך דער קאָרען?

ניין, דאָך ניט ערגער — דער זוים אין איהם לאַנג
האָט אָנגעפילט זיך, — שוין צייטיג די זאַנג.

האָט ער דערויף דען געדאַרפט אונז פאַרזייהען,
ס'זאָלען אונז ווינטען צולייגען, צעוועהען?"

ווייט זיי אַ ווינטעל אַנ'ענטפער דערטראָגט:
אַ, אייער אַק'רער קיין כוחות פאַרמאָגט.

ער וואָלט ווי יעדער, זיין ארבייט באַווייזען,
איז אָבער שווער איהם אליין זיך צורייסען.

עסט ניט און טרינקט ניט, — פאַר'דאגה'ט, פאַרצאָגט,
טיף אין דעם הארצען אַ וואָרים איהם נאָגט.

ס'זענען די הענד ווי די בייטשען צוהאנגען,
די וועלכע האָבען פאַרזעהט אָט די זאַנגען.

טונקעל די אויגען, זיין שטים הערט זיך מעהר, —
אַ, סאַראַ ליעדער געזונגען האָט ער,

ווען נאָכ'ן אַקער איז ער נאָכגעגאנגען
איינזאַם, געדריקט פון אַנ'אומעט אַ באַנגען.



נ. מינסקי.

ניקאָלאי מאקסימאָוויטש מינסקי (ווילענקין)

געבוירען 1855

# כ׳האָב מורא.

כ׳האָב מורא דערצעהלען ווי ליעב איך האָב דיר,
כ׳האָב מורא, דערהערענד די ווערטער פון מיר
דער ווינד וועלכער הערט אויפ׳ן פעלד ניט אויף קלאָגען—
און ס׳וועט אויף דער ערד זיך אַ שטורם צוטראָגען.

כ׳האָב מורא דערצעהלען, ווי ליעב איך האָב דיר,
כ׳האָב מורא, דערהערענד די ווערטער פון מיר
באַלד וועלען אין הימעל צושטאַרבען די שטערען,
די נאַכט וועט נאָך פינסטערער, דיקערער ווערען.

כ׳האָב מורא דערצעהלען ווי ליעב איך האָב דיר,
כ׳האָב מורא, דערהערענד די ווערטער פון מיר,
וועט ס׳האַרץ מיינס אַ ליעבע און שרעק צונויפדריקען.
און ס׳וועט זיך פון גליק און פון ליידען צופליקען...

* *
*

עפען אויף שנעל דיין טהיר
און אַרום געה דעם פּלייט פון דיין הויף.
אומרוה וועהט אַרום דיר —
אַ ניט לעג זיך, ניט שלאָף, און ווארט אויף!

מעגליך, ס׳רופט דיך אַ שטים
אין דער וויים, מיטען נאכט, פול מיט שרעק;
איילסט ניט ראַטעווען איהם
און ניט מיטגעהן אין פרעמדען דיר וועג?

וועט דיר איינגעהן דער שלאָף?
נור באַטראַכט: אין דער פינסטערניש-וואו
נעהמט דיך רופען אָהן סוף
וועך אַ מיעדער, אַ קראנקער, אָהן רוה!

אויפ׳ן גאס לאָז זיך געהן,
אַ לאַמטערן נעהם מיט פון דעם הויז;
כאָטש דו קומסט אום אַליין,
אָבער העלף דעם וואָס בעט און געהט אוים!

* *
*

האָסט נישט גערעדט איין וואָרט אפילו —
האָט מיר דאָס ווי אַ שטראָף געברענט.
און צו די פייכטע גראָזען שטילע
האָסטו דיין מילדען בליק געווענדט.

און לאַנגזאַם ביזט אוועקגעגאַנגען,
שטיל אָטמענדיג דעם גראָז־גערוך;
אָהן זינד געוועזען די געדאַנקען,
דיין שטילער וועג, אָהן בייז, אָהן פלוך.

* *
*

אין דער נאכטיגער שטילקייט און רוה,
הינטער מיר, הארט לעם שולטער, שטעהסטו,

ניט איך הער דיין באַוועגונג, און פיהל ;
ווי אַ קבר ביזט פינסטער און שטיל.

איך דערוועג ניט אַ קוק טהון צוריק,
און אויף מיר פאלט דיין אנגעשטרענגט בליק.

ווי עס עפענט די נאכט אויף די רויז
וועלכע בליהט פאר דער פינסטערניש בלויז.

האָסטו אויך אין מיין הארץ אויפגעוואַכט,
אַלץ וואָס הארכיג נור לעבט אין דער נאכט—

ס'כאַפּט אין גאנצען דיין מאַכט מיר אַרום,
אין פער'כשופ'טען קרייז שטעה איך שטום.

## מיין בייזער פריינד.

מיין בייזער פריינד, ביזט ניט צופריעדען
פון אומעט מיין.
כ'זעה דיר אַ שווייגענדען און מיעדען, —
און איך — געה איין.

נור כ'וויל קיין גליק-חלומות וועבען,
צו אנד'רע געהן.
מיט דיר אין טרויער קראַנקען לעבען
וועל איך פאַרגעהן.

בין אָבגעוועהנט פון וועלט-געוויטער
און מענשען-רויש.
מיין בליק וויינט מיט דיין וואהנזין-ציטער
און טרויער גרויס.

פאר דיר אין שטום וועל איך צוגליהען,
אין אנבליק דיין;
ס'איז אין דיין אומעטיגען טליהען
ס'גאַנץ לעבען מיין.

פ. סאלאגוב

# אין דער ווייט.

ס'זעהט זיך קיין שיין אין דער ווייט,
„ראטעוועט",—עמיצער שרייט.
וואס טהון זאל איך צינד?
כ'בין אזוי ארים און קליין,
שרעקליך פארמאטערט פון געהן,
וואו לויפען געשווינד?

ס'רופט ווער אין שטיל ערגיץ-וואו:
פריינד, צו מיר טוליע זיך צו,
ס'איז גרינגער ביינאנד.
אויב אונז וועט שווער זיין צו געהן,
וועלען מירביידע פארגעהן
א האנד לעם א האנד.

## לוסטיגע פריינדינס.

צווישען לוסטיגע פריינדינס
האָסטו טרויריג געלייכט.
דו אַליין האָסט דעם רוישיג
העלען קרייז אויסגעווייכט.

פון די מענשען פארבאָרגען
האָסט נור מיר זיך פאַרטרויט.
דאָרט אין לאנד אין דעם בלויען
זיך צו זעהן שטילערהייד.

זיך אָבגעבען אויף אייביג
צו דער שווייגענדער נאכט, —
מיינע שלאָפלאָזע אויגען
אויף דיר ווענדען פאַרטראַכט.

ווערסט אָהן ווערטער דערצעהלען
פון דיין לעבען און זיין;
ווערסט מיין טרויער אויסהיילען
און פארוויגען מיין פיין.

ב. טשלאגוב

## ווייטער פריינד.

פריינד, מיין ווייטער, פריינד, מיין ליעבער,
בליק אהין, —
כ'בין א שטראהל א קאלטער, טריבער
פון באגין.

כ'ווארט אומזיסט אומנישט צו הערען
געטליך רייד, —
כ'ווייס ניט אין דעם לעבען שווערען
יום־טוב פרייד.

העלער טאג וועט באלד אויפשטראהלען
קלאהר ארום.
און אין אבגרונד שאטענס פאלען
בייז און שטום.—

און אהן ווערטער, און א טריבער
וועל אליין,—
זונען אויפגאנג, פריינד, מיין ליעבער—
שטיל פארגעהן.

## אין שווערע רגעים.

ווען עס לעבט זיך מיר שווער, און אַ פּיין גליהט אין מיר,
דאַמאָלסט געה איך אין מדבר דאָרט טראַכטען פון דיר.

אויסצומאָהלען דעם פליהענדען ווינד דיין געשטאַלט,
זיך דערוויסען פון דיר נאָך די שטימען פון וואַלד.

כ׳וויל דיך רופען, נור כ׳ווייס ניט ווי דו רופסט זיך אָן,
ווייל איך שיקען נאָך דיר, נור איך וואַג עס ניט טהאָן;

וואָלט איך געהן שוין צו דיר, ווייס איך האָרט ניט דעם וועג;
ווען איך וואָלט שוין געוואוסט, לאָזט ניט געהן מיר אַ שרעק.

אויף דעם קאָלט.שמאָלען שטעג געה איך אום׳עט פאַרקלעמט,
איך ערוואַרט נור דעם נס, אַלץ אַרום איז מיר פרעמד.

און עס וועט מיר זאכט קושען דער שווייגענדער טויט,
און ער וועט מיר באַלד ברענגען צו דיר שטילערהייד.

# אין גאָרטען.

כ׳בין אַ גאָרטען דורכגעגאַנגען,
הויך געווען די פליימען-שטאַנגען,
און די טויערען — פאַרוקט.
נור ס׳האָט פלוצלונג זיך אַ טהיר
אויפגע־יגעלט און פאַרזיגעלט —
אין מיין בליק האָט זיך געשפּיגעלט
ווי אַ שאָטען ניט פון דער וועלט
אין דעם גאָרטען שטעהט פאַר מיר.
כ׳שטעה איצט ווידער לעם דעם גאָרטען,
הויך די פליימען־שטאַנגען דאָרטען,
אלץ איז אין אַ סוד געהיימען,—
כ׳זעה נור שטויב און שטיין אַרום.
כ׳גלויב אין וואונדער שטילערהייד זיך,
מיך באַגלייטען וואו איך געה זיך
וויך אָהן אטהעמדיגע טרוימען
ווי אַ שאָטען שטיל און שטום.

## מיין וועג.

וועג מיין לאנגער, וועג מיין שווערער,
איינער אין דער וויסט דער לעערער, —
נור אויך פרייד פאַרמאָגט מיין וועג;
פרעהליך כ'פיהל מיך, און איך שפיעל מיך
מיט מיין אייגען שיין כ'פארהיל מיך,
ס'ציהט ניט באַנג זיך מיר די שטרעק.

אויסגעשפרייטע מיינע לאנען,
און קלאָהר-ווייסע די טומאַנען,
מיין לבנה ליכטיג העלט.
און דער ווינד דער פרייער זינגט מיר,
וואָס אָהן ווערטער הילכיג קלינגט מיר
וועגען ריינקייט אויף דער וועלט.

# די וויג.

אין שאָטען פון אַ יעל-בוים
האַרט לעם אַ טייכען-ראַנד
וויגט אום אַ וויג דער טייוועל
מיט אַ פאַרוואַקסען האַנד.

ער לאַכט און וויגט און וויגט זיך,
אַהין, צוריק,
אַהין, צוריק,
דאָס ברעטעל קרעכצט און דריקט זיך
און אָן דעם בוים-סוק פליקט זיך
די אָנגעצויגענע שטריק.

עס רוקט זיך שווער און סקריפּעט
די ברעט פון צייט צו צייט,
דער טייוועל לאַכט און חריפּעט
און האַפּט זיך אָן ביים זייט.

איך וויג זיך מיד און וועהר זיך,
אַהין, צוריק,
אַהין, צוריק,
איך האַלט זיך אָן און קעהר זיך,
און ווי פון טייוועל קלעהר זיך
צו אבוועדען מיין בליק.

הויך אויף דעם שווארצען יעל-בוים
לאכט עמיץ ווי אין וואהר:
ביזט דא אריינגעפאלען,
סא וויג זיך צום שווארץ יאהר!

איך וויים, ס'ועט פון מיין וויג דאך
דער טייוועל ניט אוועק,
ביז וואן עס וועט אויסקרימען
זיין האנד מיין ברעט פול שרעק.

ביז וואן צומאלט וועט ווערען
די פלאקס-געדרעהטע שטריק,
ביז וואן ס'וועט איבערקעהרען
די ערד זיך צו מיין בליק.

## אַ וויג-ליעד.

כ׳עפען אויף די אויגען,
ווייט אַ שטראהל דערגליהט;
אַלץ אין רויך פאַרצויגען —
אויפשטעהן אָדער ניט?
ניין, איך לעג זיך ווידער
אין מיין וויגעל צו, —
זינג מיר, מאַמע ליעדער:
אַליע ליוליע ליו.

יוגענד פליהט פאַרביי מיר,
פרייד — געדענק איך קוים.
ס׳רופט צוריק געטריי מיר
אין מיין וויג דער טרוים.
ס׳פעהלט מיין מאמעס ליעדער —
זינג אַליין איך צו.
כ׳וויג מיין פיין איין ווידער:
אַליע ליוליע ליו.

מיעדקייט ס׳האַרץ נעהמט פרעסען,
ס׳גלעט דער שלאָף מיך לינד.
ס׳ווערט מיין פיין פארגעסען,
כ׳בין אויף ס׳ניי אַ קינד.

כ׳קלייב אין בלויען לאנד דאָרט
עפּעס, כ׳בלאָנזשע וואו;
ס׳זינגט ווער נאָכאַנאַנד דאָרט:
אַליע ליוליע ליו.

אין דעם לאנד דעם בלויען
הענגט זיך קלאָהר דער רוים.
כ׳טו זיך אנפארטרויען
שווייגענדיג מיין טרוים.
ס׳זויגט ווער מיין נשמה,
זויגט זי, זויגט אָהן רוה;
ס׳רוימט ווער אַ נחמה:
אַליע ליוליע ליו.

אָ, מיין שלאָף שוין עקט זיך,
ס׳קומט די לעצטע שעה.
ס׳שרעקט דער טאָג מיך, שרעקט מיך,
און מיין טרוים — ניטאָ.
ס׳וואַרקען שוין די זאָרגען
נעבען מיר אָהן רוה;
ס׳מורמעלט ווער פארבאָרגען:
אַליע ליוליע ליו.

# דער שלאָף און דער טויט.

ס'האָט געשטיפּט פיעל ס'אינגעל מיין,
שטויב דעקט זיינע פיסלעך צו.
וואַש די ליעבע פיסלעך איין,
וואַשענדיג שלאָף איין אין רוה.

און איך זינג און זינג איהם צו:
אַליע ליוליע, ליוליע ליו.

ס'קלאַפּט דער שלאָף אין טהיר פון הויז,
— קום אַריין — שטיל ענטפער איך, —
זיינע האָהר ווי פלאַקס זעהט אויס,
ס'הענטעל האַלט ער שטיל אויף זיך. —

זינג איך שטילערהייד איהם צו:
אַליע ליוליע, ליוליע ליו.

—שלאָף פון וואַן? — ביים באַרג געוועז,
—וואָס געזעהן דאָרט? — לבנה־שיין,
כ'האָב מיין ברודער אויך געזעהן...
—איז ער דאָ? — ניין ניט אַריין.

זינג איך שטילערהייד איהם צו:
אַליע ליוליע, ליוליע ליו.

ס'מורמעלט אין מיין פענסטער ווער,
גלייך ווי ס'רווישט א צווייג אריין:
א, כ'בין קראנק, עס איז מיר שווער,
העלף מיר, העלף מיר ברודער מיין!

שטילער, שטילער זינג איך צו:
אליע ליוליע, ליוליע ליו.

די לבנה שווימט שטיל אום
אויפ'ן פעלד. אין סאד אליין;
עמיץ געהט לעם הויז ארום,
עמיץ מורמעלט: כ'קום צו געהן.

זינג איך שטילערהייד איהם צו:
אליע ליוליע, ליוליע ליו.

כ'שנייד און שנייד די גאנצע צייט,
ס'פאלט די קאסע פון מיין האנד.
ס'ריהרט א שאטען זיך ניט ווייט,
און ער טוליעט זיך צום וואנד.

און איך זינג און זינג איהם צו:
אליע ליוליע, ליוליע ליו.

# אירינאַ.

דו געדענקסט דעם הערבסט, אירינאַ,
אין דעם ארמען שטעטעל, קליין?
אזוי גרוי דאָרט, ווי דער הימעל
וואָלט אין טרויערניש פארגעהן.

ס'שפריצט אַ רעגען דין, אָהן אויפהער,
גלייך וואָלט נעצען אויסגעשפרייט.
אַ פארטרונקענע דאָס שטעטעל
אין אַ טייך פון בלאָטע שטעהט.

און מיט שווערע עמער-שטאַנגען
אויף דיין אַקסעל איינגעדריקט
האסט פון טייך געטראָגען וואסער;
רויט ווי פלאַם האָסט אויסגעבליקט...

אַלט און ענג דאָס הויז געוועזען,
ס'האָט פון דאַך אריינגערינט.
ס'האָט דער אלטער דיל געוויגט זיך,
און פון שויב — געיאָגט אַ ווינד.

אויף אַ זייט זיך איינגעבויגען
דעם צופוילטער בריקעל דאָרט...

וואָלסט כאָטש איין מאָל מיר געוואָרפן
אין געזיכט אַ שלעכטען וואָרט!

וואָלסט כאָטש איין מאָל פול מיט טרעהרען
אויסגעגאָסען אויף מיר היים
דיין לאַנג אָנגעקליב'נעם וועהטאג
פון דער ארמוט אזוי גרוים!

כ'וואָלט די פארוואורפען פארטראָגען,
און פארשוויינען אין מיין וועה, —
איך אונזיניגער בעל-גאוה
מיט דעם מזל ניט אַזוי —

וואָס כ'האָב איינגעשפּארט פארבאָרגען
ס'אָבגענאַרטע טרוים אין מיר.
און איך האָב נאָך מיטגעצויגען
אין דער אָרימקייט אויך דיר.

ס'איז די נאַכט אראָבגעקומען
נאָכ'ן טאָג אין פיין אוועק;
דו האָסט ליעב אזוי געשמייכעלט,
און געטרייסט מיר אָהן אַ ברעג.

האָסט געזאָגט מיר: וואָס איז ארמוט?
זאָל דאָס הארץ זיך שטארקען נאָר;
זאָל מיט גליק-דורשט אָנגעגרייט זיין
פאר אונז לאַנגע גוטע יאָהר!

און אויף סניי דורך דיר אַ שטאַרקער
פלעג איך קוקען מוטהיג, פריי,
אין דער פינסטערער ערפאהרונג
וואָס איז שווער אזוי פארביי.

איצטער הענגען קלאָהרע הימלען
איבער אונז אין שטילער נאַכט, —
דאָס האָסטו, אירינאַ מיינע,
אָט די וואונדער אונז געבראכט!

# דער מויערער.

— מויערער דו אין דעם פארטוך דעם ווייסען!
וואָס בויסטו? פאר וועם איז דאָס הויז?
— עי, הער מיך אויף אין דער מיט איבעררייסען,
מיר בויען אַ טורמע דאָס אוים!

— מויערער דו, מיט'ן רידעל דעם שווערען
זאָג, ווער וועט דאָרט זיפצען פאר פיין?
— אמת, ניט דו, ניט די גליקליכע הערען,
וואָס טויג אייך גנבים צו זיין?

— מויערער, זאָג מיר, די לאנגע ביינאַכטען
ווער וועט דאָרט פארברענגען אין וועה?
— מעגליך אַ זוהן מיינס פון הונגער וועט שמאַכטען —
עס איז אונזער גורל אזוי.

— מויערער, וועט ער אין אומעט אין טיעפען
ווער ס'האָט עס געבויט כאָטש פארשטעהן?
— היט זיך דו אונטערן לייטער צו שטיפען...
ניט רעד מעהר, מיר ווייסען אליין!



**ק. ד. באַלמאָנט**

(קאָנסטאַנטין דמיטריעוויטש באַלמאָנט)

געבוירען 1867

## דער סוד פון דעם לעבען.

כ'האָב ביים ווינד ביי דעם פרייען געפרעגט זיך:
וואָס צו טהון, כ'זאָל זיין יונג ווי א קינד?
און דער שפּילענדער ווינד האָט געענטפערט:
זיי דו לופטיג ווי רויך, ווי א ווינד! —

כ'האָב ביים שטורמישען ים זיך געבעטען:
רוים דעם סוד פון דעם לעבען מיר איין.
האָט דער שטורמישער ים מיר געענטפערט:
זאָלסט ווי איך פול מיט קלאַנגען אויך זיין! —

כ'האָב געפרעגט ביי דער זון הויך אין הימעל:
צו פון טאָג קען איך העלער זיין ווען?
ס'האָט די זון מיר דאן גאָר ניט געענטפערט;
פאַר מיין הארץ האָט דערהערט ערגיץ: ברען

## ניט רעג מיך אויף.

ניט רעג מיך אויף, און מיין פארגאנגענהייט ניט וועק.
כ׳האָב ליעב די נאכט, און כ׳פיהל ביים טאָגס ערשיינען שרעק.

בין גליקליך ווען געווען; געליעבט און אויך געגלויבט.
נור כ׳וויים ניט ווען און וואָס; ס׳איז אלץ שוין לאנג
פארטויבט.

מיט וועם האָב איך געלעבט? און כ׳וויים ניט צוליעב וואָס?
ד׳אָס הארץ איז פוסט און דער פארשטאנד שווייגט אָהן
פאַרדראָס.

עס גיסט דער רעגען בייז. דער ווינד אין שויב קלאפט באַנג,
דער זאָרגלאָזער געלעכטער טויט איז שוין פון לאנג.

מיין פריינד פארגעסענער וואָס קומסטו? מעהר ניט קום!
אַ שאָטען שטעהסט פאר מיר, און נאַרסט. נור וויסט ארום.

צו שפּעט האָסטו מיין פריינד דיין טרייסט געבראכט,
און כ׳וויל ניט צו דער ליכטיגקייט ארויסגעהן פון דער נאכט.

מיין הארץ איז אָהן אַ טרוים, אָהן קלאנג, אָהן שיין.
ניט וועק מיך מעהר, זיי שטיל, און שלאָף שוין איין.

# אַ וויג-ליעד.

ס'איז דער ווינד שוין איינגעשטילט,
נאַכט די וועלט האָט איינגעהילט,
און פון הימעל שטערן-שיין
ווינקט צו דיר: שלאָף איין, שלאָף איין!
שרעק זיך פאַר'ן מזל ניט,
כ'היט דיר ווי אַ מאַמע היט,
כ'זינג דיר ווי אַ מאַמע צו:
אַליע לוליע, לוליע ליו.

ווען נור דער אומעט דריקט,
ווערט באַלד פון דער נאַכט פאַרוויגט.
אַלץ וואָס אַטהמעט אויף דער ערד,
אין דער נאַכט ענטשלאָפען ווערט!
ס'דרעמלען פויגעל, בלום אין רוה,
שלאָף דו אויך, רוה איין אויך דו.
כ'זינג אַ גאַנצע נאַכט דיר צו:
אַליע לוליע, לוליע ליו.

# די איילענדע מינוט.

כ'זוים נים פון קיין קלונשאפטען וואָס פאר אייך איז גום,
כ'לייג אריין אין ליעד די איילענדע מינוט.
אין די ווערטער, דוכט זיך מיר, זעה איך וועלטען פיעל,
רעגען בויגען בייטענדע ווי אַ פאַרבען שפּיעל.
וואָס פארלאנגט איהר קלוגע לייט, שילט מיר נים, נים שילט
כ'בין נור אַ וואָלקענדעל, פול פייער אָנגעפילט,
כ'בין דאָך נור אַ וואָלקענדעל, שווים איך זיך און שווים.
כ'רוף צו זיך די טרוימער נור... אייך רופט נים מיין שטים!

## אין דער וועלט.

אין דער וועלט פול ליידען
וואַרט און יאָגט אונז נאָך —
אויף איין רגע פריידען —
לאַנגער אומעט-יאָך.

פון דער פרייד דער ריינער
שווערער אומעט וועהט.
כ'זוכ פון רוה נור איינער:
ס'איז די רוה פון טויט.

## אַ היימיש בילד.

מחנות פייגעל, וועג אַ פּאַסיק.
און אַ פּליים צופאַלען ליגט.
פון דעם נעבעלדיגען הימעל
קאַנג אַ טאָג אַ כמאַרנער בליקט.

אַ בעראָזיען־דרייה, און טרויריג
שטעהט פאַרלאָזט אין וועג אַ סלופּ;
ווי געדריקט פון שווערען אומעט
איינגעהויקערט שטעהט אַ שטוב.

ס'איז האַלב ליכטיג, און האַלב פינסטער —
און עס ווילט זיך ווייט וואו זיין.
ס'דריקט ניט ווילענדיג דאָס האַרץ מיר
אַנ'אונענדליך אומעט־פּיין.

# דו צאַרטע פויגעל מיין!

אַ, צאַרטע פויגעל מיין, דו וועסט מיר ניט פאַרשטעהן,
ווי לאַנג אין אויג ביי דיר העל שיינט דער מאַי-פריהמאָרגען.
דיין שטימע ציטערט קוים ווי זילבער-קלאַנגען ריין,
אַ מוטערס שמייכעל רוהט אויף דיין געזיכט פאַרבאָרגען,
אַ, צאַרטע פויגעל מיין, דו וועסט מיך ניט פאַרשטעהן!

אונז לויערט טרויער נאָך אויף דר'ערד אין אלע ערטער;
מיך שרעקט דאָס הארץ פאַר דיר, איך טרויער און איך וויין:
באהאַלטען ערגיץ-וואו פאַרנעהם איך דיינע ווערטער,
און קוק אויף דיר און בעט ביי גאָט זיך מיט געוויין:—
דער וועג וואו זי וועט געהן זאָל זיין איהר אַ באַשערטער!

און איך האָב אויך אַמאָל פיעל זונען-טעג פאַרמאָגט.
מיין טאָג — פאַרלאָשען לאַנג, מיך וועט די נאַכט פאַרוויגען.
און כ'האָב געזונגען אויך, און פרעמדען פיין פאַריאָגט,
ס'האָט ווען אַ מוטער מיך פאַרוויגט אויך מיט אַ נגון...
אַ, פויגעל דיר איז פרעמד פון וואָס מיין הארץ זיך קלאָגט!

# וואָרום?

הער צו מיך, גאָט. איך וויין און טרויער אָב מיין לעבען,
און כ'בעט צו דיר באַלד ווי נור אָבענד ווערט;
האָסט ניט קיין ערדישע נשמה מיר געגעבען —
טאָ וואָס האָסטו מיר צוגעשמידט צו דר'ערד?

פון חשך טויזענד יאָהריגען רעד איך אַצינדער,
איך רעד צו דיר, באַשעפער, הער זיך צו.
מיר וויינען אָבגענארטע ווי פארלאָזטע קינדער,
וואָס זוכען: פאָטער זאָג, וואו ביזטו, וואו?

ווען כ'וואָלט איין רגע האָטש דיין קול געהערט פארשטענדליך,
וואָלט איך געפרעהט זיך מיט די פריהלינגס-טעג.
נור ס'איז דער לעבען, טויט, אזוי דאָך אונפארשטענדליך,
דאָס אלץ וועט מיך ניט אויסמיידען אין וועג.

דו, גרויסער גאָט, עס איז דיין וועלט פאר מיר פארשלאָסען,
ווי אלץ — וואָס גרויס, איז זי פאר מיר אויך שטום.
ס'האָט עמיצער צו דיר מיך קיינמאָל צוגעלאָזען
איין טויזענד יאָהריגען געשריי: וואָרום?

נ. סאַקאַלאָוו

## בערוהיג מיך.

אַ, בערוהיג מיך, דעם אונרוהיגען!
אַ, באַגליק דו מיך, דעם אונגליקליכען!
גיב דיין האַנד צו מיר, דעם אונווירדיגען!
ליעבער פריינד דו מיין, דו נשמה־מיין.

אַ, ווי ליעב איך דיך, כ׳ליעב דיך וואהנזיניג,
נור פון דיר אַליין דענק געדאַנקען איך,
צוליעב דיר אַליין טו איך פרעהען זיך,
צוליעב דיר אַליין שלאָגט דאָס הארץ אין מיר.

דו דערוויס, מיין פריינד, פון מיין ליעבע זיך,
מיט אַ שמייכעלע און אַ צאַרטען וואָרט
שטיל באַרוהיג מיך, דעם אונרוהיגען,
און באַגליק דו מיך, דעם אונגליקליכען!

אויב באַשערט איז מיר אויסצוגעהן פאר פיין,
נו, וועל שטארבען איך, ליעבע שילטענדיג,
און דערמאָנען אויך אין דער שעה פון טויט
וועל איך זיך אָן דיר, דו נשמה מיין!



**ס. י. נאַדסאָן**

(סעמיאָן יאַקאָוולִיעוויטש נאַדסאָן)

1862—1887



ניט זאָגט מיר, ער איז טויט
ער לעבט, ער לעבט וואו דאָך!
איז דער אַלטאַר צושטערט —
זיין פייער גליהט נאָך דאָרטען;

איז אָבגעפליקט די בלום —
דאָך בליהט זי, בליהט זי נאָך!
צובראָכען איז די האַרף —
נור ס'ציטרען די אַקאָרדען...

# א חלום.

מיר האט זיך גע'חלום'ט א הימעל,
פון איהם האבען שטערען געבליקט;
און בלייך-גרינע ווערבעס שטיל האבען
אריבער דעם טייך זיך געוויגט.

אין גאנצען פארזונקען אין בלומען
דיין הויז, — און ביים פענסטער זיצט,
אין ווייסען, דעם קאפ איינגעבויגען
א בלייכע, און קוקסט ערגיץ-וואו...

דו וויינסט... דיינע העל-קלאהרע טרעהרען
שטיל קאפען אראפ אויף דיין ברוסט.
און ס'וויינען די שטאלץ-יונגע רויזען,
די נאכטיגאל וויינט אין א קוסט!

און יעטווידע טרעהר וועלכע גיסט זיך
אראב אין דעם שמעקענדען דופט,
א גליה-ווארים צינדט זיך אין גארטען,
א שטערען לעשט אויס זיך אין לופט.

# ד. מערעזשקאָווסקי

(דמיטרי סערגעיעוויטש מערעזשקאָווסקי)

געבוירען 1866.

ד. מערעזשקאווסקי

# איינזאמקייט און ליעבע.

עס דונקעלט. ערגיץ אין דער פרעמד
שטיל זיצען מיר זיך זאלבע צווייט
אין קאלטען דעמערונג, — פארקלעמט,
און ליידען שווייגענדיגערהייד.

פאר ביידען איז שוין קלאָהר פון לאַנג,
ווי ווערטער זיינען בלאַס און שוואַך;
וואָס טוט דאָס הארץ דאָס קראַנקע באַנג,
גיט ניט ארוים די ווערטער שפּראַך.

ס'איז קיינער שולדיג און גערעכט:
ווער ס'האָט קיין שטאָלץ ניט אונטערדריקט,
וועט זיין פון איינזאַמקייט באַזיעגט,
ווער ס'ליעבט,—דער מוז פארבלייבען קנעכט.

אין שטרעבען נור צו דאָס וואָס ריין
מיעד שלעפּענדיג די לאַנגע טעג,
איז תמיד איינזאַם אונז דער וועג —
געלעבט — כ'וועל שטארבען אויך אליין.

אָט אויף דער בלייכער שויב פארגעהט
די שטילע פארנאַכט-דונק'לע שעה. —
מזועט לערנען ליעבען אַלץ דער טוים,
צו וואָס קיין אומקעהר איז ניטאָ!

# ד ע ר ט ו י ט.

אויב די רויזען שטיל פאנאנדערשיטען זיך,
אויב אין רוים דער שטערן־שיין פארגעהט,
און די וואלקען אין דעם פעלז צושפּליטען זיך,
ס'לעשט אין וואלקען זיך דער מארגען־רויט.

ס'איז דער טויט, — נור אהן א קאמף א ליידענדען,
ס'איז דער טויט פארגעהענדיג אין פּראכט,
און אנ'אברוה זאגט ער צו א פריידענדען, —
א געשאנק פון דער נאטור געבראכט.

און ביי איהר, ביי דער נאטור דער געטליכער,
לערען מענש זיך ווי צו שטארבען שעהן,
מיט א יום־טוב שטילקייט א פּראפּעטליכער
זאלסטו ביישטעהן רוהיג דיין פארגעהן.



**מאַקסים גאָרקי**

(אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש פעשקאָוו).

געבוירען 1869.

# די לעגענדע פון מארקאָ׳ן.

אין וואלד-טייך געלעבט האָט אַ פעע,
האָרט אָפט זיך געבאָדען, געשוואומען;
איינמאל האָט פארזעהן זי — און פישערס —
אין נעץ האָבען פלינק איהר פארנומען.

זיי האָבען פאר איהר זיך דערשראָקען...
נור איינער אַ מארקאָ אַ יונגער
האָט היים אומגעאַרמט דער פעע
געקושט איהר מיט ליעבענדען הונגער.

און זי — ווי אַ יונגענקע צווייגעל
האָט ווייך אין זיין האַנד זיך געבויגען,
און האָט זיך פון עפּעס געשמייכעלט
איהם קוקענדיג שטיל אין די אויגען...

דעם גאַנצענעם טאָג — איהר געצערטעלט,
ביינאַכט — האָט ער באַלד איהר פארלאָרען;
האָט מארקאָ געגומען שטארק בענקען,
איז אומעטיג, טרויריג געוואָרען...

און טעג, גאַנצע נעכט געהט ער אום׳עט
ביים וואלד-טייך אין ביטער׳ן קלאָגען:
„צי זעהט איהר ניט, וואלען, מיין פעע? —
— ניין. ס׳וויים פון איהר קיינער צו זאָגען...

נור ער האָט אויף זיי זיך צושריען:
„איהר מוזט איהר דאָ ערגיץ באַהאַלטען!"
און ס'האָט זיך דער נאַרישער בחור
געוואָרפען אין וואַסער דעם קאַלטען.

און ס'באָדט זיך אין וואלד-טייך די פּעע,
ווי פריהער פאר מארקאָ דעם יונגען;
און ער איז ניטאָ... נור עם ווערט כאָטש
אַ ליעד נאָך זיין לעבען געזונגען...

— — — — — — — — —

און איהר אייער וועלט וועט אָבלעבען,
ווי בלינד-קליינע ווערים אין היילען;
מען וועט ניט קיין ליעד פון אייך זינגען,
און ניט קיין לעגענדען דערצעהלען.



אַנדרעי בעלי
(ב. נ. בוטשאיעוו)
געבוירען 1880

# זאָרג.

געאַרבייט ביז שפּעט פון פריה־מאָרגען,
אַלץ קאָהרען און ווייץ אָבגעפיהרט.
עס גליהט אין מיין האַרצען אַ זאָרגען,
אָט ברענט מיר מיין לייב, און אָט פריהרט.

כ׳וואַרט ווידער מיט אונרוה אונשולדיג:
ס׳קומט יעזוס, עס דויערט ניט לאַנג;
און ס׳ברענט אין מיין האַרץ אונגעדולדיג
דער דאָזיגער אַלטער געדאַנק.

ניט לאַנג בין געוואָהר איך געוואָרען,
ס׳קומט יעזוס צו אונז אויף דאָס ניי.
אַ פוהר איז צו אונז צוגעפאָהרען
נאָך גערשטען מיט אַ סקריפּעריי...

איך בין פון דעם שייער געגאַנגען
אין שטוב מיט גלייכגילטיגע טריט.
געקייט אַ פּאָר גאָלדענע זאַנגען,
געזונגען אַ פרום־שטילע ליעד.

עס האָט דורך אַ פייכטליכען טהאָל,
ווען גאָט בעטען האָב איך גענומען,
אין אבענד גערופען אַ קול:
„אין אַ פראָסט־נאַכט וועל איך צו אייך קומען"...

די לבנה געלייכט האַט פון ווייט,
די הייזליך — מיט רויטליכע שטראַחלען,
דער דרעשער פון שייער הויך שרייט,
די קלעפ אין דער לופטען צופאַלען.

„ס׳איז עמיץ פאַרביי מיט דעם וועג"
איז אַ פועל געקומען אַנזאַגען;
און — מיט אַ לאַמטערנע אַוועק,
די אויגען פול סודות צוטראַגען...

מיר זענען ארוים אין דער קעלט
די לבנה פארשעהמט איז געשוואומען;
ס׳וואַרפט בייז זיך אַ הונד אויפ׳ן פעלד,
באַגלייט פון זיין קייטס שווערען ברומען.

לאַמטערנס — געבלייכט אין די הענד...
די נאַכט איז אַ שטומע, אַהן טענער...
אַ בלוטיגער פאַס האַט געברענט,
באַגריסט די ערוואַכענדע העהנער...

# צוויי לידער.

איך געה גלייך מיט'ן פעלד אין אַ ווייט־פרעמדען לאַנד;
ליכטיג ברענען די שטערן אין הימלישען ראַנד...
אַט אין הופּטיגע סעדער, אין ברייט־טיפען טייך
צינדען פייערליך אָן זיך באַזונדער, ניט גלייך.

עמיץ שווימט ערגיץ־וואו
אויף דער טייך'ס שטילער פלאַך,
הויך אַ ליעד זינגט ער צו
אויף אַ ווילד־פרעמדער שפּראַך.

און עס בענקט מיר דאָס האַרץ אין דער ווייט פרעמ־ער לאַנד...
איך געה גלייך מיט'ן פעלד, מיר איז אַלץ אונבעקאַנט,
נור ווען כ'קוק זיך אַרום, זעה איך ווי אין דער היים
דאָ די זעלביגע שטערן אין הימלישען רוים.
די לבנה וואָס איז מיר פון קינד־ווייז באַקאַנט,
שיינט דאָ אויך אין דעם ווייט־פרעמדען לאַנד...

און וואָס מעהר כ'הער זיך צו אין דעם פרעמדען מאָטיוו
אויף דעם בערגעל וואָס שפּיגעלט אין טייכעל זיך טיף,
האָב איך קלאַנגען באַקאַנטע אלץ מעהרער געהערט
פון די קלינגענדע ליעדער פון היימישער ערד;
אויך אין זיי קלינגט אַ וועהטאָג, אַ ליידענשאַפט גליהט,
און עס זינגט נור פון ליעבע די טרויריגע ליעד...

כ׳העֶר מיט אונרוה זיך איין
אויף דעם טייך׳ס שטילער פלאַך,
יענעם קלאַנג פול מיט פיין
אויף דער ווילד־פרעמדער שפראַך.

פון געדאנקען געפּלאגט אין דער נאַכט געה איך אום:
„זעלבע שטערן אין רוים, — זעלבע מענשען אַרום...
זייער פייער פון ווייטען אי מאַניעט, אי ווינקט...
און אויך זיי האָבען ליעב, און אויך זייער האַרץ זינגט...
אָט צו די פרעמדע מענשען פאלט איין מיין געדאנק
ס׳זאָל באַגריסען זיי איצט מיין געזאַנג״.

איך געה גלייך מיט׳ן פעלד נעבען טייך׳ס שטילער פלאַך
און אַ ליעד זינג איך הויך אויף מיין אייגענער שפראַך,
וואָס מיט טרויריגקייט וועהט, און מיט ליידענשאַפט קלינגט,
און געטריי צו מיין היים, נור פון ליעבע זי זינגט.
און איך זינג... ס׳ווערט אַנטשוויגען דעם איינזאַמען׳ס ליעד
אויפ׳ן טייך און עס קלאַפּט מעהר זיין רודער שוין ניט...

איצטער הערט ער מיט פיין
אויף דער טייך׳ס שטילער פלאַך,
מיינע קלאַנגען זיך איין
אויף אַ ווילד־פרעמדער שפראַך.

## אין דעם נאַכטיגען שווייגען.

מען האָט אַרויסגערופען צוויי,
וואוהין, נאָך וואָס זיי צוגענומען? —
געזעגענט זיך אין טרויער שטומען,
אַלץ שווייגט. ס'האָט נאַכט פארשלונגען זיי;

מיר האָבען דורכ'ן שויב אומזיסט
אין חשך טיף זיך איינגעגעסען,
און זיך ביז פריה אַזוי געזעסען
פאר'יתומ'ט אין אַ ווינקעל וויסט.

עס פרעהט אונז ניט, וואָס ס'האָט געטאָגט,
קיין וואָרט — אַרויס פון אונזער גומען.
געוואַרט וואָס שרעקליכעם דארף קומען,
אַנ'ענטפער האָט אין אונז גענאָגט...

* *
*

ס׳כוואליעט זיך דאָס פעלד מיט בלומען...
בונטען ליכט פון הימעל שטראָמען...
ליעדער פון די פריהלינג-לערכען
פילען אָן די בלויע תהום׳ען.

סיטרינקט מיין בליק זיך אין דעם טאָג-שיין...
דורך דעם ליכט זעהט מען קיין זינגער...
אזוי טרויסט די יונגע האָפנונג
מיט איהר גרוס מיין הארץ — מאַכט גרינגער.

כ׳ווייס דאָך ניט פון וואַנען זענען
זיי׳רע קלאַנגען אָנגעפלויגען...
נור זיי הערענדיג, צום הימעל
ווענד זיך שמייכלענדיג די אויגען...

## א ניי־גריכיש ליעד.

איך וואָלט דיר אַ קוש געגעבען,
כ׳שרעק זיך, — זעהן וועט די לבנה
און די שטערענדלעך די קלאָהרע;
וועט אַ שטערן אראבקייקלען
זיך צום ים און וועט דערצעהלען,
וועט דער ים די רודערס זאָגען,
און די רודערס — יאָן דעם פישער,
און ס׳האָט יאָן א ליעבסטע — מאַראַ,
וועט זיך מאַראַ דאָס דערוויסען,
ווים דאָס שוין דאָס גאַנצע דערפעל,
ווי כ׳האָב אין א לבנה־נאַכט דיר
אין דעם סאָד אריינגעלאָזען,
ווי איך האָב געקושט, געגלעט דיר,
ווי דער זילבער עפעל־בוים האָט
אונז מיט בלומען אבגעשאָטען...

## דער זומער-טאָג

דער זומער-טאָג אָהן רויש פאַרגאַנגען
ביים ניט געוואשטען פענסטער, גרוי;
ס'האָט ווי אַ פויגעלע געפאַנגען,
געזונגען הינטער וואַנד די פרוי.

כ'האָב קאַלט און לאַנגזאַם אויפגענומען
זכרונות פון די אלטע טעג;
ס'איז גאַליג קלאָהר ארויפגעשוואומען:
דאָס לעבען האָט פאַררוישט, אַוועק.

נאָך וועלען קומען רייד, געדאַנקען,
נור לאַנגוויילּיג וועט זיין, און באַנג;
נאָך וואָס פאַרהענגען די פאַרהאַנגען?
אין הױך דער טאָג דערבּרענט האָט לאַנג.

# שטארבען.

די מוטער, יוגענד, — אלץ אויף דר'ערד וועט שטארבען,
פארראטען וועט די פרוי, — ס'פארלאזט דער פריינד;
דו לערען זיך פארנעהמען אנד'רע פארבען,
שטיל קוקענדיג אין קאלטער וויט, וואס שיינט.

לאז מיט דיין שיפעל זיך אין פאליוס וויטען,
און שטיל פארגעס זיך אין די אייזיג וועגד:
מען האט געליעבט, געפאלען אין די שטרייטען,
פארגעס די ליידענשאפט פון די אמאל'גע לענד...

צום ציטער פון די לאנגזאמיגע קעלטען
געוועהן דיין איינגעמידטע זעלע איין;
עס זאל אויף איהר דער ד א - ז י י ן ניט געוועלטען,
ווען פון א ט - ד א ר ט ע ן ריזעלט זיך א שיין.

א. ק. טאָלסטאָי

## ניט גלויב...

ניט גלויב, מיין פריינד, ווען אין דער שעה פון ליידען
זאָג איך דיר, אז איך בין דיר מעהר ניט טריי;
אין אָבפלוס-צייט, ניט גלויב אין ים'ס צושיידען,
מיט ליעבע קומט ער באלד צום ברעג אויף ס'ניי.

אָט בין איך ווידער פון דיין רייץ באַפאַלען,
און כ'גיב מיין פרייהייט דיר אויף ס'ניי אַוועק;
אָט שווימען שוין פון ווייט צוריק די וואַלען
מיט אַ געררויש צו זייער ליבען ברעג.

# אָ ס י ע ן...

אָסיען... עס צושיט זיך שוין אונזער גאַנצער סאַד,
און די געלע בלעטער דער ווינט יאָגט אין אַ ראָד;

בלויז פון ווייטען רויטלען זיך—דאָרטען אין דעם טאָל—
ענגלען רויטע בונטיגע קאַלינעס אָהן אַ צאָהל.

און עס כאַפּט מיין האַרץ ארום טרויריקייט און פרייד,—
כ׳וואַרים, דריק די הענד דיינע שווייגענדיגערהייד.

טרעהרען גיס איך קוקענדיג אין דיין פּנים טריב,
ס׳איז מיר שווער ארויסזאָגען ווי איך האָב דיר ליעב!